מיט די פעהיגקייט אונ אפילו מיטען ווייכען הארצען זענען זיי אהנליך אויפען יודען, אונ אויך די גאנצע בעפעלקערונג פון גוריען, וואס דער נאמען אליין בעווייזט שאן פון וואנען זיי שטאמען, ווייל הוריא הייסט אויף יענע לשונות א יוד. בעזאנדערס איז פון זיי א תל געווארען אים יאהר 1221 ווען טשינגיסחאנן, דער פיערטער פון די מאנגאלען איז אנגעפאלען אויף קאווקאז, אונ צום איבריגען האט פון זיי א סוף געמאכט טאמערלאן אים יאהר 1387. פיעל האט מען אויסגעהארגעט אין די איבריגע האבען זיך ענטשלאסען אבצונארען זייערע פערפאלגער אונ האבען זיך אנגעהייבען לפנים אויסצוגעבען פאר קריסטען אדער פאר מחמד'נער ווי עס האט זיי מעהר געפאסט, בסוד אבער זענען זיי געבליבען יודען. אזוי האט א לאנגע צייט אין קאווקאז געלעבט א גאנצע קלאסע פון מאראנען, וואס פלעגען געהן אין די קירכען אדער מעטשעטען, אבהיטען אללע מצות אונ מנהגים פון דער קריסטליכער אדער מחמד'נישער רעליגיאן אונ אין בעזונדערע הייזער האבען זיי געהאט שוללען מיט ספרי תורות אונ פלעגען דאווענען אונ זיך פיהרען נאכען יודישען דין. ביי אזא לאנגע, פערשטעהט זיך, האבען זיי ניט געקאנט אויפקאמען, אונ וואס מעהר א דור עס איז אוועקגעגאנגען איז מעהר דאס יודישקייט פערגעסען געווארען. פון די מאראנען זענען כמעט אללע צוגעשטאנען אדער צום קריסטענטהום אדער צו מחמדאנער. אונ דאס ביסעל וואס איז געבליבען איז אזוי פערנראכט געווארען, אז אפילו זייער פערזענליכע פרייהייט האבען זיי ניט געקאנט איינהיטען, אונ פיעל פון זיי זענען געווארען שקלאווען, וואס האבען געהערט צו פערשיעדענע בעלי בתים אונ מען האט זיי געקויפט אונ פערקויפט אזוי ווי א סחורה. דאס קאן מען זאגען, איז טאקי דאס איינציגע מאל וואס האט זיך געמאכט אינ'ם יודישע לעבען, אויסער מצרים. אז זיי זאללען זיין קנעכט אונ מיט זייער פרייהייט זאלל מען זיך מאכען א מסחר. אזוי ווייט מאראליש זענען די יודען ניט געפאללען אין אנדערע לאנדער, חאטש מען האט זיי דארט געברענט אונ געבראטען, אונ דאס איז דער בעסטער בעוויז, אז טאקי נאר די תורה האט זיי שטאנדיג אבגעהיט אזוי נידריג צו פאלען אונ דארט וואו עס זענען געוועהן לומדים וואס האבען אכטונג געגעבען אופ'ן איינווענינסטען מעמד פונ'ם פאלק, האבען די יודען כח געהאט אלס אריבער צו טראגען אונ צו בלייבען יודען.

אזוי זענען די קאווקאזער יודען פערשווארצט געווארען, ביז דאס גאנצע לאנד איז אים יאהר 1802 אריבער צו רוססלאנד, פון דעמאלט אן לעבען זיי

זִיךְ שׁוֹין רוּהִיג אוּנ צוּפְרִיעדֶען, זֵייא בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ מִיט אַרְבֵּייט אוּנ לֵיידֶען שׁוֹין מֶעהר נִיט וִוי אַמָאהל. עֶס מַאכְט זִיךְ נָאךְ אֲפִילוּ, אַז דִי אַלְטֶע שִׂנְאָה רוּפְט זִיךְ אָב, וִוי עֶס הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען אִים יָאהר 1878 אִין אַדָארְף פֶּערֶעוִויסִי, וָוען עֶס אִיז פֶערְפַאלֶען גֶעוָוארֶען פוּנְקְט פַאר פֶּסַח אַ קְלֵיין גְרוּזִינִישׁ מֵיידִיל שָׂרָה מַארְזֶעבָאזֶע, אוּנ דִי יוּדִישֶׁע שׂוֹנְאִים הָאבֶּען גֶעוָואלְט אָנְהֶענְגֶען דֶעם אַלְטֶען בִּלְבּוּל, אַז זֵיי הָאבֶּען דָאס קִינְד דֶערְהַרְגֶעט, זֵיי זָאלֶען הָאבֶּען בְּלוּט אוֹיף דִי מַצוֹת, נָאר דִי מְלוּכָה, וָואס בֶּעשִׁיטְצְט זֵיי גְלֵייךְ מִיט אַלֶע, הָאט דוּרְךְ דִי בֶּערִיהמְטֶע אַדְוָואקַאטֶען אַלֶכְּסַנְדְרָאוו אוּנ קוּפֶּערְנִיק נִיט דֶערְלָאזְט מֶענְשֶׁען זָאלֶען אוּמְזִיסְט לֵיידֶען, אוּנ דָער אֱמֶת אִיז אַרוֹיס, אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען אִין דֶעם נִישְׁט שׁוּלְדִיג גֶעוֶועהן. בֶּעזָאנְדֶערְס הֶעלְפְט זֵיי, וָואס זֵיי רֶעדֶען דָאס אֵייגֶענֶע לָשׁוֹן, טְרָאגֶען דִי זֶעלְבֶּע קְלֵיידֶער אוּנ פִיהרֶען זִיךְ פוּנְקְט וִוי אַלֶע זֵייעֶרֶע שְׁכֵנִים, דַארִיבֶּער קוּמְט קֵיינְמָאל אוֹיס אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען אוֹיסְצוּלַאכֶען אוּנ עֶס אִיז קֵיין שַׁארְפֶער אוּנְטֶערְשִׁיעד נִיטָא וָואס זָאל פִיהרֶען צוּ קְרִיעג אוּנ צוּ שִׂנְאָה.

כִּמְעַט אִין דֶער אֵייגֶענֶער צֵייט, וָואס דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין קַאווְקַאז, עֶטְלִיכֶע יָאהר פַאר קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט הָאבֶּען זִיךְ אִין דֶער קְרִים אוֹיךְ אָנְגֶעהֵייבֶּען יוּדֶען צוּ בֶּעזֶעצֶען, נָאר נִיט אַזַא גְרוֹיסֶע צָאהל. דָאס וָואס זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן זֶעהר וֶוענִיג אוּנ הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט אַזוֹי שְׁטַארְק אָנְרִיהרֶען זֵייעֶרֶע שְׁכֵנִים, עֶס זָאל דַארְפֶען וֶוערֶען אַ שִׂנְאָה אוּנ אַ קִנְאָה, אָדֶער מֶען זָאל קוּקֶען אוֹיף זֵיי קְרוּם. אוּנ אַחוּץ דֶעם, וָואס גְרָאד אַהִין הָאבֶּען זִיךְ בֶּע-זֶעצְט יוּדֶען פוּן אַזֶעלְכֶע מְקוֹמוֹת וואוּ דִי תּוֹרָה הָאט נָאךְ גֶעבְּלִיהט אוּנ זֶענֶען דַארִיבֶּער אַלֵיין אוֹיךְ עֶדֶעלֶער גֶעוֶועהן, דָאס הָאט גֶעפִיהרְט דֶערְצוּ, וָואס דִי קְרִימֶער יוּדֶען זֶענֶען נָאךְ אִין דִי אַלְטֶע יָאהרֶען נִיט אַזוֹי פֶערְגְרֶעבְּט גֶע-וָוארֶען וִוי זֵייעֶרֶע קַאווְקַאזֶער בְּרִידֶער. זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאט זֵייעֶרֶע שׁוּלֶען, אִין וֶועלְכֶע זֵיי הָאבֶּען אַלֵיין גֶעלֶערְנְט אָדֶער גֶעהֶערְט תּוֹרָה אוּנ זֶענֶען גֶע-שְׁטַאנֶען נוּט.

דָאס זֶעהט מֶען אוֹיךְ אַרוֹיס דֶערְפוּן, וָואס אִין דֶער צֵייט, וָואס דִי פֶעלְקֶער פוּן קַאווְקַאז הָאבֶּען פֶערְשְׁלוּנְגֶען טוֹיזֶענְדֶער יוּדֶען אוּנ פוּן זֵיי אִיז אֲפִילוּ קֵיין זֵכֶר נִיט גֶעבְּלִיבֶּען, הָאבֶּען זִיךְ דִי קְרִימֶער יוּדֶען גֶעהַאט כֹּחַ צוּ הַאלְטֶען אִין אַלֶע צֵייטֶען, זֵיי הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעוואוּסְט גְמָרָא, פּוֹסְקִים, רַמְבַּ"ם אוּנ אַנְדֶערֶע סְפָרִים אוּנ הָאבֶּען דֶערְפַאר אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען יוֹרְשִׁים יוּדֶען, וָואס לֶעבֶּען נָאךְ אִין הַיינְטִיגֶער צֵייט אוּנ הֵייסֶען דָארְט „קְרִימְטְשַׁאקֶעס“.

די קְרִימְטְשַׁאקֶעס וואהנען גְרֶעסְטֶענְטְהֵיילְס אין קְראסובַּאזַאר; דָארְט זֶענֶען דָא 700 פַאמִילְיֶען. זֵייעֶר לָשׁוֹן הֵייסְט: טְשַׁאגַאדִי אונ איז כִּמְעַט דָאס זֶעלְבֶּע וואס טַאטַארִישׁ. זֵיי הָאבֶּען זֵייעֶר בֶּעזָאנְדֶערֶען רַב אונ הַאלְ־טֶען מְלַמְדִים, וואס לֶערְנֶען דִיא קִינְדֶער לָשׁוֹן קֹדֶשׁ, נָאר ווייטֶער פוּן חוּמָשׁ אונ דַאוְונֶען גֶעהֶען זֵיי נִיט. אַז עֶס זַיינֶען נָאר אַרויסְגֶעקוּמֶען דְרוּקֶען אוֹיף דֶער ווֶעלְט הָאבֶּען זֵיי דִי עֶרְשְׁטֶע אַיינְגֶעפִיהְרְט בַּיי זִיךְ אַ דְרוּק, אונ הָאבֶּען אַרויסְגֶעגֶעבֶּען זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם סִדוּר. חָאטְשׁ קֵיין לוֹמְדִים זַיינֶען קֵיינְמָאל נִיט גֶעוֶוען צְווִישֶׁען זֵיי פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הַאלְטֶען זֵיי שְׁטַארְק פוּנ'ם תַּלְמוּד אוּנ, אַז עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ צַייט וואס מֶען הָאט זֵיי גֶעוָואלְט צוּ רֶעכֶענֶען צוּ דִי קַארַאִימֶעס אונ זֵיי אוֹיךְ גֶעבֶּען דִי אֵייגֶענֶע רֶעכְטֶע, וואס יֶענֶע, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ דֶערְפוּן אָפְּגֶעזָאגְט אונ הָאבֶּען עֶרְקְלֶערְט, אַז זֵיי זֶענֶען יוּדֶען גְלַייךְ וִוי אַלֶע יוּדֶען, אונ דִי גְמָרָא אִיז בַּיי זֵיי הֵיילִיג.

אִין שְׁטוּב־פִיהְרֶען זֶענֶען דִי קְרִימְטְשַׁאקֶעס נִיט ווייט אָפְּגֶעטְרֶעטֶען פוּן דִי טַאטַארֶען, נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז אַ גְרוֹיסֶער חִלּוּק פוּן זֵיי אוּן דִי קַרַאִימֶעס, ווֶעלְכֶע הָאבֶּען נָאךְ פִיעל טַארִישֶׁע מִנְהָגִים. זֵיי זִיצֶען אוֹיךְ אִין קְלֵיינֶע שְׁטִיבֶּעלֶעךְ, דָארְט שְׁטֶעהֶען נִידְרִיגֶע בֶּענְק אונ אוֹיף זֵיי עֶסְט מֶען אונ מֶען שְׁלָאפְט.

זֵיי לֶעבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ זֶעהר גוּט אוּנ פְרֵיינְדְלִיךְ, אונ אַזוֹי וִוי אַלֶע בֶּע־שֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ מִיט מְלָאכוֹת זֶעהט מֶען גָאר נִיט קֵיין אָרֶעמֶע לַייט בַּיי זֵיי, וואס זָאלֶען זִיךְ אַרוּמְשְׁלֶעפֶּען בֶּעטֶען נְדָבוֹת. פַאר זֵייעֶרֶע קְרַאנְקֶע זָארְגֶען זֵיי אונ הַאלְטֶען זֵיי אוֹיס, זֵייעֶרֶע פְרוֹיֶען זַיינֶען אַ סַךְ פְרַייעֶר וִוי בַּיי דִי טַאטַארֶען אונ קַארַאִימֶעס, חָאטְשׁ זֵיי טְרָאגֶען דִי אֵייגֶענֶע קְלֵיידֶער, זֶענֶען זֵיי פוּן דֶעסְטְ־ווֶעגֶען נִיט בֶּעהַאלְטֶען אונ גֶעהֶען נִיט פֶערְשְׁלֵייעֶרְט מֶען זָאל נִיט אַרויסְזֶעהֶען זֵייעֶר פָּנִים. אִין שׁוּהל דַאוְונֶען זֵיי רוּהִיג אונ שְׁטִיל יֶעדֶען טָאג גַאנְץ פְרִיה, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען נִיט פֶערְלִיעֶרֶען קֵיין צַייט פוּן דֶער אַרְבֵּייט. דִי קִינְדֶער מַאכֶען זֵיי הַתּוֹנָה עֶרְשְׁט דֶעמָאלְט, ווען זֵיי פִיהלֶען שׁוֹין, אַז זֵיי קָאנֶען אַלֵיין אַרְבֵּייטֶען אונ פֶערְדִיענֶען. פוּן קֵיין שִׁידוּךְ אָפְּלָאזֶען ווייסְט מֶען בַּיי זֵיי נִיט. ווייל עֶהֶער מֶען גִיט זִיךְ דָאס וָוארְט הָאבֶּען זֵיי לִיעב זִיךְ גוּט צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען, אונ פוּנ'ם קְנַס־מָאל אָן אִיז שׁוֹין דֶער שִׁדוּךְ אָפְּגֶעשְׁלָאסֶען אוֹיף עֶבִּיג. כָּל זְמַן מֶען אִיז חָתָן כַּלָּה, מֶען מֶעג זַיין נָאר פוּנ'ם גֶעמֵיינְסָטֶען גְרַאד, שִׁיקְט מֶען זִיךְ אֵיינְס דָאס אַנְדֶערֶע מַתָּנוֹת, גֶעווֶאהנְלִיךְ, אַלֶע פְרַייטָאג. דֶער חָתָן שִׁיקְט קְלֵיין גֶעלְד אוֹיף מֶרְחָץ אונ פַּארְב, וואס דִי כַּלָּה בְּרוֹיךְ הָאבֶּען אוֹיף שְׁמִירֶען דִי נֶאגֶעל פוּן הֶענְד אונ פִיס, אונ דִי כַּלָּה שִׁיקְט קִיכְלֶעךְ אונ שֶׁאהן גֶעבֶּעקְס לִכְבוֹד שַׁבָּת.

חוּפָּה שְׁטֶעלְלֶען זַיי גַאנְץ פְרִיה; אַ נַאכְט פְרִיהֶר גֶעהט מֶען מִיט כְּלֵי־זֶמֶר צוּם חָתָן אוּנ מֶען בְּרֶענְגְט אִיהם צוּ דֶער כַּלָּה, דָארְט לָאזְט מֶען אִיהם שְׁטֶעהן אַבִּיסֶעל אִין הוֹיף אוּנ מֶען טַאנְצְט אַרוּם אִיהם. דֶערְנָאךְ נֶעהמְט מֶען אִיהם אַרַיין אִין שְׁטוּבּ אוּנ ער מוּז דָארְט אוֹיסְוַוארְטֶען אַ פָּאר שָׁעָה בִּיז מֶען טְהוּט אָן דִי כַּלָּה. דֶער מִנְהָג אִיז בַּיי זֵיי, אַז דִי כַּלָּה שְׁמִירְט מֶען אוֹיס מִיט אַמִין שְׁוַוארְצֶע פַארְבּ, אוֹיפ'ן שְׁטֶערְעֶן מָאלְט מֶען אוֹיס פֶערְשִׁיעדֶענֶע קְוֵייטֶען, אוּנ אוֹיסֶער דֶעם פֶערְצִירְט מֶען אִיהר דֶעם קָאפּ פְּלִיטֶערְלִיךְ פוּן גָאלְד פַּאפִּיער. אַז דִי כַּלָּה אִיז שׁוֹין אָנְגֶעטְהוּן, גֶעהֶען אַללֶע אַוֶועק צוּם חָתָן אוּנ דָארְט טַאנְצְט מֶען אַ גַאנְצֶע נַאכְט בִּיז עֶס הֵייבְּט אָן טָאגֶען, דֶעמָאלְט פִיהְרְט מֶען חָתָן כַּלָּה צוּ דֶער שׁוּל אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט דִי חוּפָּה, דָאס הֵייסְט: מֶען דֶעקְט חָתָן כַּלָּה אַרִיבֶּער מִיט אַ טַלִית אוּנ דִי אוּנְטֶערְפִיהְרֶער נֶעהמֶען צְוֵויי הִינֶער אוּנ דְרֶעהֶען זֵיי זִיבֶּען מָאל אַרוּם זֵייעֶרֶע קֶעפּ. דֶערְנָאךְ אִיז דֶער חָתָן מְקַדֵּשׁ דִיא כַּלָּה אוּנ מֶען פִיהְרְט דָאס פָּאר פָאלְק אַהֵיים צוּ דֶער כַּלָּה'ס עֶלְטֶערְן, אוּנ דָא בְּלַייבְּט דִי כַּלָּה פֶערְשְׁלָאסֶען אוֹיף זִיבֶּען טֶאג אוּנ טָאר זִיךְ נִיט אַרוֹיסְוַוייזֶען אוֹיפֶ'ן לִיכְטִיגֶען שַׁיין. מֶען פֶערְהֶענְגְט אֲפִילוּ דִי פֶענְסְטֶער פוּן אִיהר חֶדֶר, קֵיינֶער זָאלל נִיט אַרַיינְקוּמֶען. אָט דִי אַללֶע מִנְהָגִים הָאבֶּען יֶענֶע יוּדֶען גֶענוּמֶען פוּן דִי טַאטַארֶען. אַז דֶער חָתָן גֶעהט מִיט אַ טָאג פְרִיהֶר אִין מֶרְחָץ נֶעהמְט עֶר מִיט זִיךְ אַללֶע מְחוּתָּנִים אוּנ מַאכְט דָארְט אַנַאנְצֶע שִׂמְחָה, מֶען דִינְגְט זִיךְ פַּארֶען אָנְטְהוּן אוּנ אוֹיסְטְהוּן, אוּנ עֶס אִיז אַ גַאנְצֶער כָּבוֹד צוּ בֶּעדִיעֶנֶען דֶעם חָתָן. דֶעסְגְלַייכֶען מַאכְט מֶען אַ גַאנְצֶע צֶערֶעמָאנְיֶע וָוען מֶען פִיהְרְט אִיבֶּער דָאס פֶערְמֶעגֶען פוּן דֶער כַּלָּה צוּם חָתָן אִין שְׁטוּבּ אַרַיין. יֶעדֶע זַאךְ, יֶעדֶעס מַלְבּוּשׁ, דָאס מִינְדֶעסְטֶע בְּרֶעקֶעלֶע טְרָאגְט אַ בֶּעזוּנְדֶער מֶענְשׁ. דִי גֶאסְט שַׁאצֶען אַלְס דִינְג אוּנ מֶען שְׁרַייבְּט אָן דִי כְּתוּבָּה. מִיט פִיעל יָאהְרֶען צוּרִיק פְלֶעגֶען דִי קְרִימְטְשַׁאקֶעס הָאבֶּען צוּ עֶטְלִיכֶע וַוייבֶּער, נָאר אִין דִי לֶעצְטֶע צַייטֶען טְהוּעֶן זֵיי עֶס נִיט מֶעהר. אִיבֶּערְהוֹיפְּט אִיז שׁוֹין דֶער יוּנְגֶער דוֹר אַנְדֶערְשׁ אוּנ וַוארְפְט אַוֶועק אַללֶע נַארִישֶׁע טַאטַארִישֶׁע מִנְהָגִים, אוּנ מֶען קָאן הָאפֶען, אַז מִיט דֶער צַייט וֶועט דִי זוּנְן פוּן בִּילְדוּנְג אוֹיף דִי קְרִימְטְשַׁאקֶעס אוֹיךְ שַׁיינֶען.

צוּם אוּמְגְלִיק, גֶעפִינֶען זִיךְ אַצוּנְד דִי יוּדֶען, נִיט נָאר פוּן רוּסְלַאנְד, נָאר אוֹיךְ פוּן עֶטְלִיכֶע לֶענְדֶער אִין אֵייראָפַּא, אִין אַזַא לַאגֶע, אַז זֵיי ווייסֶען אַלֵיין נִיט. צוּ אִיז דִי בִּילְדוּנְג פַאר זֵיי אַ מַעֲלָה אָדֶער אַ חִסָּרוֹן אוּנ צוּ דַארְפֶען זֵיי זִיךְ נָאר אַזוֹי אַוֶועקְלֶעגֶען פַאר אוֹיפְקְלֶערוּנְג... אַ בַּיי ווינְטֶעל הָאט אַ בְּלָאז גֶעטְהוּן פוּן מַעֲרָב־זַייט, פוּן דַייטְשְׁלַאנְד, אוּנ הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ הַשְׁכָּלוֹת; דָאס

ווינטעל הייסט — אנטיסעמיטיזמוס; דער נאמען איז א נייער, נאר די סבה איז איין אלטע. אנטיסעמיטיזמוס הייסט: זיין א נעגנער פון סעמיטען, פון די פעלקער וואס קומען ארויס פון שם בן נח. נאר אין גאנצען די זאך האט מען אויסגעטראכט צו ליעב יודען, מען זאל האבען א תירוץ זיי צו געבען א כשר'ן קלאפ. עס איז עפיס נמאס געווארען גלאט אזוי זיך טשעפען צו איין אמונה, עס פאסט ניט ארויסצווייזען א גאנץ פאלק, וואס איז גאטט די נשמה שולדיג, פשוטע שנאה אונ קנאה, איז מען געפאלען אויף א שכל אונ מען שרייעט אז מען מיינט אללע וואס שטאמען פון שם'ס שורש, אונ מען מאכט די יודען פאר'ן כפרה־האנדעל. דריי שונאי ישראל האבען אין דייטש־לאנד אנגעמאכט דעם טאראראם: מארר האט דער ערשטער אנגעהויבען שרייען אז מען מוז דעם יודען א ביסעל אונטערהאקען די פליגעל, ווייל עס קאן פון איהם ווערען א רויב־פאגעל וואס וועט קיינעם ניט לאזען קיין קאפ אויפהייבען. באלד האבען איהם נאכגעטאנצט טרייטשקע אונ שטעקער, אונ אזוי איז געווארען א געוואלד. אז אללע פעלקער זענען נאר ביי די יודען אין גלות אונ, אז מען מוז זיי פערשטעלען דעם וועג צו בילדונג, כדי מען זאל זיך בעפרייהען פון זייער יאך. אזוי איז דאס פייער איבער־געגאנגען קיין פראנקרייך אונ אסטעררייך, אונ אין אונגארן האבען זיך די אנטיסעמיטען אפילו געחאפט צום אלטען בלבול: אים יאהר 1882 איז אין א קליין שטעדטעל טיסא־עסלאר פערפאלען געווארען א קליין קריסטליך מיידעל אסתר סאלימאסי מען האט באלד אויסגעטראכט, אז די יודען האבען זי געהרג'ט אונ בענוצט איהר בלוט אויף פסח. הונדערטער עדות האבען געשווארען אויף זאכען, וואס זענען ניט געשטויגען אונ ניט געפ־לויגען, מען האט אפילו אנגעשטעלט א זוהן זאל פאלש עדות זאגען געגען זיין אייגענעם פאטער אונ פיעל יודען האבען זיך אבגעמוטשעט פיערצעהן חדשים ביז זייער אונשולד איז בעוויזען געווארען.

די יודען זענען אבער געשלאגענע דערשלאגענע, נאר ניט קיין איבערגעשראקענע קינדער: זייער לאנגער לעבענס־וועג האט זיי געוואהנט מיט אזעלכע שרעקליכע זאכען, אז פאר'ן אנטיסעמיטיזמוס דארפען זיי נאר ווייניג מורא האבען. דאס לעצטע בלאטעל פון דער יודישער געשיכטע איז נאך ניט אנגעשריבען אונ מען קאן געוויס זאגען, אז מיר האלטען נאך אפילו ניט ביים אנהייב פו'ם סוף. צייטען בייטען זיך, דאס ראדעל דרעהט זיך אונ די וואלקענס, וועלכע האבען די לעצטע צייט בעדעקט דעם

יודישען הימעל, װעלען זיך געװיס צונעהען, װען די זונן פון פרייהייט און מענשענליעבע װעט שטארקער אנהייבען שיינען און דערװארמען די פערפרוירענע הערצער פון אומזיסטיגע שונאים. איינס דארף דער יוד אין זין האבען, אז ער טאר דאס ליכטעל פון תורה און חכמה ניט ארויסלאזען פון די הענד, אז דאס איז זיין עמוד אש, װאס װעט, סוף כל סוף, נובר זיין דעם עמוד ענן און װאס װעט איהם ברענגען די אמת׳ע גאולה, און דעמאלט װעט ער אויפהערען צו זיין א שטיף־קינד און גלייך מיט אללע װעט ער פריי דיענען זיין גאטט, װאס האלט איהם אויף די פיס און שטארקט איהם מיט האפנונג אויף ישועה און נחמה!

---

8. בילדונג אין רוסלאנד. — מאזעס מאנטעפיארע אין רוסלאנד. — דיא ראבינער־שולען אין װילנא און זשיטאמיר. — 1848 — 1873 — דיא רעגיערונג פון קייסער אלעקסאנדער דעם צװייטען. — 1855 — 1881.

„עורי צפון ובואי תימן, הפיחי גני, יזלו בשמיו“, װאך אויף, נארד װינד, קום אהער, זיד װינד, צופאך מיין גארטען, לאז זיך פערשפרייטען זיין ליעבליכער דופט. מאזעס מענדעלסאהנ׳ס פילאזאפיע, דיא פראנצויזישע הומאניסטען און דיא פראנצויזישע רעװאלוציאן, דיא השכלה אין דייטשלאנד און עסטעררייך, דיא נייע שטרעמונגען אין ענגלאנד, פראנקרייך, איטאליען און אנדערע ציװיליזירטע אייראפעאישע לענדער האבען אויסגעאיבט א מעכטיגען איינפלוס אויך אויף דיא געטטא־אידען פון רוסלאנד, זיי האבען דערפיהלט דיא פריהלינגס־לופט, זיי האבען דערשמעקט דעם שעהנעם דופט פון דעם נארד און זיד װינד, זיי האבען דערזעהן דאס שעהנע ליכט פון דעם נייעם מארגען און אויך אין די הערצער פון דעם געטטא־אידען אין װילנא, אין מינסק, אין בערדיטשעװ, אין אדעססא און אין קישינאװ האט עס אנגעהויבען צו זינגען און צו קלינגען: „בילדונג, אויפקלעהרונג, מענשענרעכטע און א מענשענװירדיגע עקזיסטענץ!“

„בילדונג און אויפקלעהרונג!“ — „װיסען און קענען!“ האט עס גערופען, געשריען, געמאהנט און געפאדערט אין דעם אידישען לאגער.

אין װארשױ האט זיך געגרינדעט א קארט ראבינער־שוהלע אין 1829. אין אדעססא האבען דיא בראדיער, איינגעװאנדערטע אידען פון בראדי, גאליציען, איינגעלאדען דעם געלערנטען בצלאל שטערן, ער זאל עפענען א שוהלע נאך דעם מוסטער און נאך דעם סיסטעם פון דיא אידישע שוהלען אין דייטשלאנד. אין װילנא, אין דעם „ירושלים דליטא", איז געעפענט געװארען א שוהלע אין 1841 און דער בעריהמטער אידי־שער שריפטשטעללער אין דער רוסישער שפראכע, ל. לעװאנדע, איז דארט געװען לעהרער פון רוסיש.

אידען האבען געװאלט לערנען שפראכען און װעלטליכע װיסענ־שאפטען, דער גייסט פון מאזעס מענדעלסאהן האט געשװעבט איבער דעם אידישען לאגער אין אלע לענדער און האט געװעקט דיא פערשלא־פענע. „עורי צפון ובואי תימן", װעק אויף, דוא נארד װינד! קום צו אונז דוא זיד װינד! — ליידער, האט קייסער ניקאלאי דער ערשטער ארויס־געװיזען צו דייטליך, אז ער װיל פערשמעלצען און צונויפגיעסען אלע ניט קריסטליכע פעלקער אין רוסלאנד אין איין טאפ און מאכען פון זיי גוטע קריסטען, דיא ארטהאדאקסיע, דיא פרומע חסידים און דיא הארטנע־זאטענע מתנגדים אדער גמרא־אידען האבען אנגעװענדעט אלע מעגליכע מיטעל אפצוהאלטען דיא אידען פון אזעלכע שוהלען. „מען װיל אויס־שמד'ען אידישע קינדער!" איז געװארען דאס מאטטא און דאס װעה־געשריי אין אידישען לאגער.

גראף אובאסאװ, דער מיניסטער דער פאלקס־אויפקלערונג פון יענער צייט, האט גוט פערשטאנען, װארום דיא פרומע אידען זיינען געגען בילדונג און אויפקלערונג, און ער האט געװאלט זיי בערוהיגען און זיי װייזען, אז ער מיינט עס גוט מיט אידען, אז ער דענקט גאר ניט אויפצוצװינגען דאס קריסטענטהום, אז ער װיל גאר ניט אויסשמד'ען דיא אידען. צו דיעזען צװעק האט ער בערופען אן אסיפה פון רבנים אין פעטערסבורג אין 1843. אלס פערטרעטער פון דעם רוסישען יודענ־טהום זיינען געקומען אויף דיעזע אסיפה, רבי איצעלע, דער ראש הישיבה פון װאלאזשין, רבי מענדעלע ליובאװיטשער, דער רבי פון דיא חב"ד חסידים, העררר ישראל האלפערין, א באנקיר פון בערדיטשעװ, בצלאל שטערן פון אדעססא און דר. ליליענטהאל, אלס בעאמטער פון דעם מי־

ניקָמֶער דָער פָאלְקְס־אויפְקְלֶערוּנְג, װֶעלְכֶער הָאט אויך פוּנְגִירְט אַלְס סֶעקְרֶעטֶער פוּן דֶער אֲסִיפָה.

גְרַאף אוּבַאסָאװ הָאט גֶעבֶּעטֶען, מֶען זָאל אַײנְלַאדֶען אַדָאלְף קְרֶעמְיֶעע און סֶער מָאזֶעס מָאנְטֶעפְיָארֶע. דר. לִילֶיענְטְהַאל הָאט זֵיי גֶעשִׁיקְט אַײנְלַאדוּנְגֶען און הָאט זֵיי גֶעבֶּעטֶען, זֵיי זָאלֶען קוּמֶען אוֹיפְמוּנְטֶערְן דִיא אִידֶען, זֵיי זַיינֶען אָבֶּער נִיט גֶעקוּמֶען. דֶער קְלוּגֶער אַדָאלְף קְרֶעמְיֶעע הָאט גֶעפָאדֶערְט, אַז גְרַאף אוּבַאסָאװ זָאל אִיהם אַײנְלַאדֶען אִין נָאמֶען פוּן דֶער רוּסִישֶׁער רֶעגִירוּנְג, עֶר הָאט גֶעװָאלְט קוּמֶען נָאך רוּסְלַאנְד אַלְס אַײנְגֶעלַאדֶענֶער גַאסט פוּן דֶער רוּסִישֶׁער רֶעגִירוּנְג. אויך מָאזֶעס מָאנְטֶעפְיָארֶע הָאט נִיט גֶעװָאלְט קוּמֶען נוּר אַלְס אִידִישֶׁער פַּאטְרִיאַט.

דִיא עֶרְשְׁטֶע אֲסִיפַת הָרַבָּנִים הָאט זִיך דַארוּם גֶעעֶנְדִיגְט מִיט נָארְנִישְׁט. דִיא גַאנְץ פְרוּמֶע הָאבֶּען קוּים פֶערְשְׁטַאנֶען, װָאס גְרַאף װָארָאנְטְשֶׁענְקָא הָאט גֶערֶעדְט צוּ זֵיי אוֹיף רוּסִיש און עֶס אִיז רֶעכְט צְװֵייפֶעלְהַאפְט, אוֹיבּ זֵיי הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען דר. לִילֶיענְטְהַאלְ׳ס דַייטְשׁ, אויך צְװִישֶׁען בְּצַלְאֵל שְׁטֶערְן און דר. לִילֶיענְטְהַאל זַיינֶען פָארְגֶעקוּמֶען מִיסְפֶערְשְׁטֶענְדְנִיסֶע און פֶערְזֶענְלִיכֶע שְׁטְרֵייטִיגְקֵייטֶען, דִיא גַאנְצֶע אֲסִיפָה אִיז מִיאוּס דוּרְכְגֶעפַאלֶען.

עֶרְשְׁט אִין 1845, װֶען קֵייסֶער נִיקָאלַיי הָאט אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ שְׁטְרֶענְגֶען בֶּעפֶעהל, אַז מֶען זָאל אַרוֹיסְטְרַייבֶּען אַלֶע אִידֶען פוּן דִיא גֶעגֶענְדֶען, װֶעלְכֶע גֶעפִינֶען זִיך 50 װְיָארְסְט לֶעבֶּען דֶער פְּרֵייסִישֶׁער און עֶסְטֶערְרֵייכִישֶׁער גְרֶענֶעץ, הָאבֶּען דִי אִידֶען פוּן רוּסְלַאנְד זִיך גֶעװֶענְדֶעט צוּ סֶער מָאזֶעס מָאנְטֶעפְיָארֶע, װֶעלְכֶער אִיז גֶעקוּמֶען נָאך רוּסְלַאנְד אִין מֶערְץ 1846 און הָאט בֶּעקוּמֶען אַן אוֹדִיעֶנְץ בַּיי קֵייסֶער נִיקָאלַיי.

סֶער מָאזֶעס מָאנְטֶעפְיָארֶע הָאט עֶרְקְלֶעהְרְט און בֶּעװִיזֶען דִיא רוּסִישֶׁע אִידֶען, אַז מֶען מֶעג קֶענֶען שְׁפְּרַאכֶען און װִיסֶענְשַׁאפְטֶען און דָאך בְּלֵייבֶּען אַ פְרוּמֶער אִיד, װִיא עֶר אַלֵיין אִיז גֶעװֶען. סֶער מָאזֶעס מָאנְטֶעפְיָארֶע׳ס אַיינְפְלוּס הָאט עֶס גֶעבְּרַאכְט דֶערְצוּ, אַז מֶען זָאל גְרִינְדֶען דִיא רַאבִּינֶער־שׁוּהלֶען, װֶעלְכֶע זַיינֶען גֶעעֶפֶענְט גֶעװָארֶען אִין 1848 אִין װִילְנַא און אִין זְשִׁיטָאמִיר.

דִיא רַאבִּינֶער־שׁוּהלֶען אִין רוּסְלַאנְד הָאבֶּען צְוַואר פֶערְפֶעהלְט זֵייעֶר צְװֶעק. זֵיי הָאבֶּען נִיט אוֹיסְגֶעבִּילְדֶעט עֶכְטֶע, װַאהרֶע, אִידִישֶׁע רַאבִּינֶער, פָארְשְׁטֶעהֶער און פִיהרֶער פוּן דִיא רוּסִישֶׁע אִידֶען, אָבֶּער זֵיי הָאבֶּען אוֹיסְ־

געבילדעט דאס יודענטהום. זיי האבען ארויסגעגעבען פיעלע געלערנטע מענער, פיעלע גרויסע מענער, זיי האבען פערברייטעט בילדונג, אויפקלערונג און בעלעהרונג צווישען אידען אין רוסלאנד. זיי האבען אויפגעוועקט, אויפגערעגט און אויפגעפאדערט דיא רוסישע אידען צו לערנען, צו קענען, צו וויסען און צו פערשטעהן זיך אליין און דיא וועלט ארום זיי. פיעלע יונגע לייט פון די ראבינער־שולען האבען שפעטער שטודירט אין אוניווערסיטעטען אין רוסלאנד און אין אייראפא און זיינען געווארען מעדיצינער, היסטאריקער, אינזשעניערען און בעריהמטע יוריסטען.

זאלאנג ניקאלאי דער ערשטער האט געלעבט, האט ער זיך פעסט געהאלטען אן זיין פאנאטישע אידעע צו מאכען אידען פאר קריסטען, מיט גוטען אדער מיט בייזען. דיא „פאימאניקעס" אדער דאס אפגעבען יונגע אידישע קינדער פאר סאלדאטען און זיי אוועקשיקען נאך ווייטע געגענדען אין סיביר, „קאנטאניסטען", וויא קייסער ניקאלאי'ס מיניסטארען פלעגען רופען דיעזע אונגליקליכע קינדער, זיינען געוועזען און וועלען בלייבען א שאנדפלעק פאר רוסלאנד.

קייסער ניקאלאי איז געשטארבען אין 1855 און זיין זוהן אלעקסאנדער דער צווייטער איז געווארען קייסער. פאר דיא אידען אין רוסלאנד האט זיך אנגעהויבען א נייע צייט. אין דער ערשטער צייט פון זיין רעגיערונג האט ער זעהר געוואלט איינפיהרען רעפארמען אין רוסלאנד. ער האט געוואלט גלייך מאכען אלע איינוואהנער פון זיין קייזערטהום. ער האט געגעבען אידען מעהר רעכטע, וויא אלע רוסישע הערשער פאר איהם. ער האט געעפענט פאר אידען אלע שולען און אלע לעהר־אנשטאלטען. ער האט אויפגעפאדערט אידען, זיי זאלען זיך בילדען, זיי זאלען לערנען און זיי זאלען קענען אויפטרעטען אלס גלייכבערעכטיגטע בירגער.

ער האט ענדליך אויך בעפרייט דאס רוסישע פאלק פון זיינע שקלאפען־קייטען. ער האט אפגעשאפט דיא פאנשטשינא אדער בארשטשינא. קייסער אלעקסאנדער האט אויך געוואלט געבען רוסלאנד א בעסערע רעגיערונגס־פארם, א קאנסטיטושאן.

אין דער ערשטער צייט פון זיין רעגיערונג האט ער געשטיצט דיא ראבינער־שולען אין ווילנא און זשיטאמיר און האט געלאזען עפענען פאלקס־שולען פאר אידען און ניט אידען. מען האט אנגעהויבען צו

לערנען אין רוסלאנד. אידען האבען אנגעהויבען זיך צו בילדען און האבען באלד איינגעזעהן, אז דיא ראבינער־שולען האבען קיין צוועק, קיין בארען און קיין נוצען. ווער עס האט נור געקענט, דער האט געלאזען זיינע קינדער לערנען אין א גימנאזיום, אום זיי זאלען שפעטער אריינטרעטען אין אן אוניווערסיטעט און דערגרייכען דיא העכסטע שטופע פון בילדונג.

דיא ראבינער־שולען אין רוסלאנד האבען געהאט א גאנץ אנדערן כאראקטער, וויא דיא ראבינער־שולען אין דייטשלאנד און אין אנדערע ציוויליזירטע לענדער. אין דער רוסישער ראבינער־שולע האט מען ניט שטודירט אויף רב, אויף אידישער געלערנטער, זאנדערן אויף צו ווערן א טשינאווניק. דער „קאזיאנער רב" איז געווען ניט א ראבינער, ניט א פרעדיגער, ניט א פאלקס־לעהרער, זאנדערן א טשינאווניק, וועלכער פלעגט פערשרייבען, ווער עס איז געבארען געווארען, ווער עס האט געהייראטהעט, ווער עס האט זיך גע'גט און ווער עס איז געשטארבען. רוסלאנד האט קיינמאל ניט געהאט א וואהרען ראבינאט, און דיא ראבינער־שולען האבען געמוזט אונטערגעהן. מען האט זיי אויך געשלאסען אין 1873. זיי האבען עקזיסטירט נור 25 יאהר און האבען זיך אויסגעלעבט, איבערגעלעבט אין דיעזער קורצער צייט. — עליהם השלום! זיי האבען געטאהן, וואס זיי האבען געקענט.

אין דיא לעצטע יאהרען פון דער רעגירונג פון קייסער אלעקסאנדער האט זיך פיעלעס געענדערט. אידען האבען אנגעהויבען צופיעל צו לערנען, צופיעל צו האנדלען, רייך צו ווערן, אנגעזעהן צו ווערן און בעריהמט צו ווערן. אידען האבען אנגעהויבען זיך צו מישען אין פאליטיק און האבען אנטהייל גענומען אין דער רעוואלוציאנערער בעוועגונג געגען דיא רוסישע רעגירונג. דיא עכטע רוסען האבען אנגעהויבען צו קוקען קרום אויף אידען.

דערצו איז נאך געקומען דיא פאנסלאווישע בעוועגונג. איטאליען איז פעראייניגט געווארען אין א גרויסען און מעכטיגען קעניגרייך, דייטשלאנד איז פעראייניגט געווארען אין א מעכטיגעם, מיליטערישעם קייזערטהום, און אלע סלאווישע פעלקער האבען אנגעהויבען צו טרוימען פון א מעכטיגע פעראייניגונג פון אלע סלאווען אונטער דער פאהן פון רוסלאנד. מען האט אנגעהויבען צו האסען אין רוסלאנד דעם ניט רוסע, דעם

אידען, דעם פאליאק און דעם מחמר'אנער. דעם אידען האט מען אם מייסטען געהאסט, ווייל ער איז דער פעהיגסטער און דער טיכטיגסטער, ווייל אידישע דאקטוירים זיינען געווען פול אין דער ארמעע, ווייל אי־דישע ליפעראנטען (פאדריאטשיקעס) פלעגען ליפערן פראוויאנט פאר דיא רוסישע ארמעע און פאר דיא רעגיערונגס־אנשטאלטען.

אין 1873 האט דיא רעגיערונג געשלאסען דיא אידישע ראבינער־שולען אין ווילנא און זשיטאמיר, מען האט זיי מעהר ניט געדארפט. דער רעגיערונגס־ראבינאט אדער דער קאזיאנער רב איז געווארען א קליינ־ליכער רוסישער טשינאווניק, וועלכער פלעגט פיהרען דיא סטאטיסטישע ביכער איבער געבורטען, טוידטעס פעללע און הייראטהען. דערצו דארף מען קיין בעזאנדערע שולע. דאס קען טהאן יעדער, ווער עס קען לע־זען און שרייבען רוסיש. ווער עס האט ווירקליך געוואלט לערנען און קענען, דער האט געלערנט אין א גימנאזיום און אין אן אוניווערסיטעט, און איז געווארען א דאקטאר, אן אדוואקאט, אן אינזשעניר, א כעמיקער און א טעכניקער, און דאס האט שטארק פערדראסען דיא קריסטען.

זאלאנג אלעקסאנדער דער צווייטער האט געלעבט, איז דיעזער האס געגען אידען געבליעבען בעהאלטען, פערדעקט און פערשטעלט. נאך קייסער אלעקסאנדער דעם צווייטענס טוידט אין מערץ 1881 האט דיעזער האס אויסגעבראכען מיט זיין גאנצער, ווילד־ברוטאלער מאכט. עס האבען זיך אנגעהויבען פאגראמען, אידען־שלעגערייען, מערדערייען זאנדערגלייכען.

דיא געשיכטע פון דיא פאגראמען אין רוסלאנד איז צו לאנג און צו טרויעריג אום זיא צו בעשרייבען אין דיעזען קאפיטעל.

אידען האבען זיך אומגעקוקט, אז זיי האבען אומזיסט געלערנט רוסיש, אומזיסט זיך רוסיפיצירט, אומזיסט געשטרעבט צו ווערן עכטע רוסען און זיך צו פעראייניגען, זיך צו פערמישען, מיט זייערע נאכבארן. אנשטאט זיי צו בעשיצען געגען רויבער און מערדער, האט דיא רוסישע רעגיערונג אונטער אלעקסאנדער דעם דריטען געמאכט נעגען זיי אללע מעגליכע בעשרענקענדע און ערניעדריגענדע געזעצע.

נאך דעם שרעקליכען פאגראם אין אדעסא אין 1882 האט דער רוסישער מיניסטער גראף איגנאטיעוו פערפאסט דיא טרויעריגע מאי געזעצע, וועלכע זיינען בעשטאנען דארין, אז אידען טארען ניט וואהנען אין דערפער, אידען טארען ניט וואהנען אין דיא 50 ווערסט לעבען דער גרענעץ,

אידישע קויפלייטע טארען ניט וואהנען אין דיא גרויסע שטעדט אין רוס-
לאנד. גראף טאלסטאי, דער מיניסטער דער פאלקסאויפקלעהרונג (ניט
טאלסטאי דער פילאזאף) האט בעשרענקט דיא צאהל פון אידישע קינדער
אין דיא גימנאזיומס און אין דיא אוניווערסיטעטען. דער קריעגס-מיניס-
טער האט אפגעזאגט אלע אידישע דאקטוירים פון דער ארמעע.

דיא לאגע פון אידען אין רוסלאנד איז געווארען אזוי הערצרייס-
סענד-טרויעריג, אז זיי האבען געמוזט אנטלויפען. — וואוהין אבער לויפט
מען? — עס האבען זיך געבילדעט צוויי ריכטונגען, מען קען זאגען, צוויי
פארטייען: אידעאליסטען און מאטעריאליסטען, טרוימער און פראקטישע
מענשען. דיא אידעאליסטען אדער טרוימער האבען בעהויפטעט, אז אי-
דען קענען לעבען רוהיג נור אין זייער אלטער היימאטה — אין פאלעסטינא,
אין ארץ-ישראל. וואו אידען קומען, דארט הויבען זיי אויף דעם האנדעל
און דיא אינדוסטריע. ארץ-ישראל איז יעצט פערוויסטעט און פערנאכלעסיגט,
אידען וועלען זיא בעלעבען, אידען וועלען בעארבייטען דאס לאנד, אידען
וועלען בויען פאבריקען און אויפהויבען דעם האנדעל.

דיא פראקטישע מענשען אדער מאטעריאליסטען האבען געפונען, אז
דאס איינציגע לאנד, וואו אידען קענען לעבען פריי, רוהיג און גליקליך,
איז אמעריקא, דאס לאנד דער פרייהייט און גלייכהייט, וואו מען פרעגט
קיינעם ניט, צו וואס פאר א פאלק ער געהערט, אין וואס פיר א גאט
ער גלויבט און אויב ער האט א פאספארט.

עס האט זיך אנגעהויבען דיא גרעסטע אויסוואנדערונג פון רוסישע
אידען נאך אמעריקא. אין דיא 19 — 20 יאהר פון 1882 ביז 1901 האבען
מעהר אלס א מיליאן אידען אויסגעוואנדערט פון רוסלאנד נאך אמעריקא,
און זיי האבען עס געטראפען. זיי האבען עס בעסער געמאכט, וויא דיא
40 — 50 טויזענד אידען, וועלכע האבען אין דערזעלבער צייט אויסגעוואנ-
דערט נאך פאלעסטינא.

דיא געשיכטע פון רוסישע אידען אין אמעריקא דארף מען ערשט
אנשרייבען, זיא איז אויך דער מיה ווערטה אנגעשריבען, געלעזען און
ערקלעהרט צו ווערען.

דאסזעלבע קען מען זאגען פון דער געשיכטע פון דער ציוניסטי-
שער בעוועגונג אדער דיא אויסוואנדערונג נאך פאלעסטינא. אויך דיעזע

געשיכטע וועט אמאל בילדען א וויכטיגעס קאפיטעל אין דער גרויסער און לאנגער ליידענס־געשיכטע פון דעם אידישען פאלק.

---

## 9. אידען אין עסטעררייך־אונגארן פון 1848 ביז 1890.

דיא אידען אין עסטעררייך־אונגארן האבען ביז 1848 געהאט פיעל בעסער, וויא דיא אידען אין רוסלאנד. זיי האבען וועניגסטענס ניט געוואוסט פון „פאמאניקעס”, פון קאנטאניסטען, פון אידישע קינדער פון 10 — 12 יאהר, וועלכע מען האט פערשיקט נאך סיביר און צוטהיילט צווישען דיא בויערן. דיא עסטערייכישע הערשער קייסער פראנץ דער ערשטער און קייסער פערדינאנד דער ערשטער, האבען צוואר ניט בעזאנדערס ליעב געהאט דיא אידען, אבער זיי האבען זיך ניט אזוי שטארק געזארגט פאר אידען, וויא קייסער ניקאלאי דער ערשטער. זיי האבען ניט געזוכט צו מאכען אידען פאר קריסטען, זיי האבען ניט געהאסט דעם אידען, זיי האבען איהם פעראכטעט.

קייסער פראנץ דער ערשטער איז געוועזען א רעאקציאנער, שטאלץ מיט זיין קייזערליכען טיטול, וועלכען ער האט בעקומען פון גאט אליין — אזוי וועניגסטענס האט ער אליין געגלויבט. ער האט אבער פערשטאנען, אז אידען זיינען א ניצליכעס פאלק פאר זיינע לענדער און ער פלעגט זיי לאזען האנדלען און זיך בעשעפטיגען מיט אלערליי פראפעסיאנען, ער פלעגט אבער ניט וועלען זעהן צופיעל אידען אין זיין הויפטשטאדט — וויען, און א פרעמדער איד האט געמעגט בלייבען אין וויען נור דריי טעג און אויך אין דיעזער קורצער צייט פלעגט ער זיך געפינען אונטער דער אויפזיכט פון פאליציי.

אין וויען האט זיך געפונען דיא גרעסטע בוכדרוקעריי פון אידישע ספרים, אבער זיא האט געהערט צו א קריסט און קייסער פראנץ'ס צענזור איז געוועזען פיעל שטרענגער פון דער צענזור פון קייסער ניקאלאי דעם ערשטען.

אידען האבען געמוזט געהן אין רעגיערונגס־שולען, אבער זיי האבען זיך געקענט אויסקויפען דערפון. דער איד, וועלכער האט געקענט בעצאהלען 10 גולדען א יאהר איז בעפרייט געווארען פון שיקען זיינע

קינדער, אין דיא רעגיערונגס־שולע. אז אידען האבען אויסגענוצט דיעזע פריוויליגיום און פלעגען ניט שיקען זייערע קינדער אין דיא „שקאלעס", איז קוים געטהיג צו זאגען. עס האבען זיך אבער אויך געפונען וועניגע אידען, וועלכע האבען יא געשיקט זייערע קינדער לערנען און דיעזע קינדער זיינען ווירקליך געווארען בעריהמטע געלערנטע: מעדיצינער, אדוואקאטען, פיזיקער, כעמיקער און אנדערע געלערנטע.

דער ווארימער, פרייער פרעהליכער ווינד פון מאזעס מענדעלזאהנ'ס שולע האט געוועהט איבער עסטערייך און האט געמאכט בליהען דעם גארטען פון יודענטהום, פאליטיש אבער זיינען זיי געוועזען אונטערדריקט און רעכטלאז.

אין 1836 איז פערדינאנד דער ערשטער געווארען קייסער. ער איז געוועזען א שוואכער, קרענקליכער מענש, וועלכער האט זיך וועניג אפגעגעבען מיט דער רעגיערונג. געהערשט אין עסטערייך האט פירסט מעטערניך. ער האט שוין בעהאנדעלט דיא אידען פיעל מילדער. ער האט שוין ערלויבט אלע אידען אין וויען צו הייראטהען. אין קייזער פראנץ'ס צייט פלעגען נור א געוויסע צאהל אידען אין וויען און פראג מעגען הייראטהען. ער האט אויך ערלויבט אידען צו קויפען לאנד, אבער זיי האבען געמוזט וואהנען אויף זייער לאנד און עס בעארבייטען. אין גאליציען האט מען געהייסען דיא אידען זיך אנטהאן דייטשע קליידער און מען האט געפאדערט, אז דער קרייז־ראבינער זאל האלטען אן עקזאמען אין אן אוניווערסיטעט.

דאס וויכטיגסטע פאר אידען אונטער קייסער פערדינאנד דעם ערשטען איז געוועזען, וואס מען האט אפגעשאפט דיא ערניעדריגענדע און בעליידיגענדע צערעמאניע ביי א שבועה פאר א אידען, דיא זאגענאנטע „מארע יודאיקא". דאס איז געשעהן דען 18טען אויגוסט 1846. אידען האבען זיך געפרעהט, וויא אין שושן הבירה נאך המן'ס מפלה. אין וויען האט צוואר א פרעמדער איד געמעגט וואהנען נור צוויי וואכען, אבער נאך דיא צוויי וואכען האט ער געקענט מעלדען זיין פאספארט אין דער פאליציי, ארויספאהרען פון דיא טויערן פון וויען און וויעדער אריינפאהרען, זיך מעלדען און וויעדער וואהנען צוויי וואכען.

אין מערץ 1848 האט אויסגעבראכען דיא רעוואלוציאן. דער ערשטער מארטירער פון דיעזער רעוואלוציאן איז געוועזען א אידישער סטודענט

הֵיינְרִיךְ שְׁפִּיצֶער. עֶר הָאט גֶעהַאלְטֶען אַ פַייעֶרְדִיגֶע רֶעדֶע גֶעגֶען דִיא רֶע־נִיערוּנְג אוּן הָאט גֶעפָארְדֶערְט גְלַייכֶע רֶעכְטֶע פַאר אַלֶע אַיינְוואהנֶער פוּן עֶסְטֶערְרַייךְ. דֶער קָאמַאנְדִיר פוּן דֶער קֵייזֶערְלִיכֶער וַואךְ הָאט עֶס דֶער־הֶערְט אוּן הָאט גֶעהֵייסֶען אַ סָאלְדַאט שִׁיעסֶען אוֹיף אִיהם, דִיא קוּגֶעל הָאט גֶעטְרָאפֶען הֵיינְרִיךְ שְׁפִּיצֶער אִין הַארְצֶען אוּן עֶר אִיז גֶעפַאלֶען טוֹידְט.

דִיא רֶעוָואלוּצְיָאן הָאט דָאךְ גֶעזִיעגְט. קֵייסֶער פֶערְדִינַאנְד הָאט זִיךְ אָפְּגֶעזָאגְט פוּן דֶעם עֶסְטֶערְרַייכִישֶׁען טְרָאהן אוּן פְרַאנְץ יָאזֶעף אִיז גֶע־וָוארֶען קֵייסֶער. עֶר הָאט גֶעגֶעבֶען עֶסְטֶערְרַייךְ אַ קָאנְסְטִיטוּצְיָאן אוּן הָאט בֶּערוּפֶען אַ פַּארְלַאמֶענְט. אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען עֶסְטֶערְרַייכִישֶׁען פַּארְלַאמֶענְט אִין 1889 זַיינֶען גֶעוָועהלְט גֶעוָוארֶען פִינְף אִידֶען: אַדָאלְף פִישְׁהָאף אוּן יוֹסֵף נָאלְדְמַארְק פוּן ווִיעןָ, אַבְרָהָם הַאלְפֶּערְן פוּן סְטַאנִיסְלַאוו, י. נ. מַאנְ־הֵיימֶער, דֶער פְּרֶעדִיגֶער פוּן ווִיען, אִיז גֶעוָועהלְט גֶעוָוארֶען פוּן דִיא אִידֶען אִין בְּרָאדִי אוּן בֶּער מַייזֶעלס פוּן קְרַאקוֹי.

אִידֶען הָאבֶּען אוֹיפְגֶעאַטְהֶעמְט פְרַייעֶר. זֵיי הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט, אַז יֶעצְט וֶועלֶען זֵיי שׁוֹין הָאבֶּען אַלֶע בִּירְגֶער־רֶעכְטֶע, זֵייעֶר פְרֵייד הָאט אָבֶּער גֶעדוֹיעֶרְט אַ גַאנְץ קוּרְצֶע צַייט. דִיא קַאטוֹילִישֶׁע גַייסְטְלִיכֶע אוּן דֶער אַדֶעל הָאבֶּען גֶעצְווָאוּנְגֶען דֶעם יוּנְגֶען קֵייסֶער פְרַאנְץ יָאזֶעף, עֶר זָאל דֶערְוַוייטֶערְן אִידֶען פוּן אַלֶע עֶמְטֶער אוּן זָאל בֶּעשְׁרֶענְקֶען זֵייעֶרֶע רֶעכְטֶע. וֶוען אַ אִיד פְלֶעגְט קוּמֶען אִין אַ פָּאסְט־אַמְט אוּן בֶּעטֶען, מֶען זָאל אִיהם גֶעבֶּען אַ שְׁטֶעלֶע אַלְס שְׁרַייבֶּער, פְלֶעגְט מֶען אִיהם עֶנְטְפֶערְן, אַז מֶען וֶועט אִיהם גֶעבֶּען אַ שְׁטֶעלֶע, וֶוען עֶר וֶועט בְּרֵיינְגֶען אַ שְׁרִיפְט פוּן דֶעם רָב פוּן דֶער שְׁטָאדְט, אַז עֶר מֶעג שְׁרַייבֶּען אוּם שַׁבָּת.

אִין פְּרָאג אוּן אִין פִיעלֶע אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט זַיינֶען פָארְגֶעקוּמֶען פָּאגְרָאמֶען, נִיט אַזוֹי ווִילְד אוּן נִיט אַזוֹי בְּלוּטִיג ווִיא אִין רוּסְלַאנְד אוּנְטֶער אַלֶעקְסַאנְדֶער דֶעם דְרִיטֶען, אָבֶּער טְרוֹיעֶרִיג גֶענוּג פַאר דִיא רֶעגִיערוּנְג פוּן פְרַאנְץ יָאזֶעף. דִיא בִּירְגֶער פוּן דֶער שְׁטָאדְט לַייבַּאךְ הָאבֶּען גֶעפַאסְט אַ בֶּעשְׁלוּס, אַז קַיין אִיד זָאל נִיט פֶערְשְׁרִיעבֶּען וָוערְן אַלְס בִּירְגֶער פוּן דֶער שְׁטָאדְט.

אִין אוּנְגַארְן אִיז עֶס גֶעגַאנְגֶען דִיא אִידֶען נָאךְ עֶרְגֶער. אִין דֶער צַייט פוּן דֶער רֶעוָואלוּצְיָאן, אִין 1848 — 1849, וֶוען אוּנְגַארְן אִיז עֶרְקְלֶעהְרְט גֶעוָוארֶען אַלְס רֶעפּוּבְּלִיק אוּן לוּדְווִיג קָאשׁוּט אַלְס דֶער עֶרְשְׁטֶער פְּרֶעזִי־דֶענְט פוּן דֶער נַייעֶר רֶעפּוּבְּלִיק, הָאט מֶען אִידֶען גֶעגֶעבֶּען אַלֶע בִּירְגֶער־

רֶעכְטֶע. מִיכָאֶל הַאלְפֶערְן, וֶועלְכֶער אִיז שְׁפֶּעטֶער אַנְטְלָאפֶען נָאךְ אַמֶע־ רִיקַא אוּן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין נוּיָארְק אִין 1894, אִיז גֶעוֶועזֶען לוּדְוִויג קָא־ שׁוּט׳ס פְּרִיוַואט סֶעקְרֶעטֶער. דִיא רֶעוָואלוּצְיָאן אוּן דִיא אוּנְגַארִישֶׁע רֶעפּוּבְּ־ לִיק הָאבֶּען אָבֶּער גֶעדוֹיעֶרְט נִיט לַאנְג. קֵייסֶער נִיקָאלַיי דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט גֶעשִׁיקְט אַן אַרְמֶעע נָאךְ אוּנְגַארְן אוּן דִיא רוּסִישֶׁע מִיט דֶער עֶסְ־ טֶערְרַייכִישֶׁער אַרְמֶעע הָאבֶּען אוּנְטֶערְדְרִיקְט דִיא רֶעוָואלוּצְיָאן מִיט פַּייעֶר אוּן בְּלוּט. וֶוער עֶס הָאט נוּר גֶעקֶענְט, דֶער אִיז אַנְטְלָאפֶען פוּן אוּנְגַארְן. וֶוער עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען, דֶער הָאט גֶעלִיטֶען פֶערְפָאלְגוּנְגֶען אוּן אוּנְטֶערְדְרִיקוּנְ־ גֶען, אִידֶען הָאבֶּען גֶעלִיטֶען אַם מֵייסְטֶען.

אִין 1851 הָאט קֵייסֶער פְרַאנְץ יָאזֶעף צוּרִיקְגֶערוּפֶען דִיא קָאנְסְטִי־ טוּצְיָאן פוּן עֶסְטֶערְרַייךְ אוּן מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּרִיקְצוּנֶעהְמֶען אוּן אָנְצוּזָאוֶוענְדֶען דִיא אַלְטֶע, שְׁטְרֶענְגֶע גֶעזֶעצֶע גֶעגֶען אִידֶען. מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען, אַז אִידֶען זַיינֶען רֶעוָואלוּצְיָאנֶערֶען אוּן פַיינְד פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג. מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסְצוּשְׁלִיסֶען אִידֶען פוּן דִיא שוּהלֶען אוּן אוּנִיוֶוערְסִיטֶעטֶען אוּן אִין דֶער שְׁטָאדְט זַאאץ, בֶּעהְמֶען, הָאט דֶער בִּירְגֶערְמַייסְטֶער זָאגַאר גֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל, אַז מֶען זָאל אַרוֹיסְטְרַיי־ בֶּען אַלֶע אִידֶען פוּן דֶער שְׁטָאדְט אִין אַ צַייט פוּן צְוַויי וָואכֶען.

דִיא לַאגֶע פוּן אִידֶען אִין עֶסְטֶערְרַייךְ־אוּנְגַארְן אִין 1855 אִיז גֶעוֶועזֶען פִיעל עֶרְגֶער, ווִיא זֵייעֶר לַאגֶע אִין רוּסְלַאנְד אִין דֶערְזֶעלְבֶּער צַייט. דִיא הַאנְדֶעלְס־אַקָאדֶעמִיֶע אִין ווִיען, וֶועלְכֶע אִיז גֶעגְרִינְדֶעט גֶעוָוארֶען פוּן אִידֶען אוּן אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען גֶעוָוארֶען פוּן אִידֶען, הָאט בֶּעקוּמֶען אַ בֶּעפֶעהל, זִי זָאל נִיט אוֹיפְנֶעהְמֶען אִידֶען אַלְס סְטוּדֶענְטֶען.

אַ בֶּעסֶערֶע צַייט פַאר אִידֶען אִין עֶסְטֶערְרַייךְ־אוּנְגַארְן הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען נָאךְ דֶער נִיעדֶערְלַאגֶע פוּן עֶסְטֶערְרַייךְ לֶעבֶּען סַאלְפֶערִינַא, וֶוען פְרַאנְקְרַייךְ אוּן אִיטַאלְיֶען הָאבֶּען גֶעפִיהְרְט קְרִיעג גֶעגֶען עֶסְטֶערְרַייךְ אוּן קֵייזֶער פְרַאנְץ יָאזֶעף אַלֵיין הָאט קָאמַאנְדִירְט זַיין אַרְמֶעע, עֶרְשְׁט יֶעצְט הָאט מֶען גֶעעֶנְדֶערְט דִיא אִינְנֶערֶע פָּאלִיטִיק פוּן עֶסְטֶערְרַייךְ.

אִין 1860 הָאט מֶען גֶעגֶעבֶּען אִידֶען מֶעהר רֶעכְטֶע אוּן עֶרְשְׁט אִין 1867, וֶוען אוּנְגַארְן הָאט ווִיעדֶער גֶעדְרָאהֶעט מִיט אַ רֶעוָואלוּצְיָאן אוּן קֵייסֶער פְרַאנְץ יָאזֶעף אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעצְווִאוּנְגֶען צוּ עֶרְקְלֶעהְרֶען אוּנְגַארְן פַאר אַ בֶּעזוּנְדֶערֶעס קֶענִיגְרַייךְ, הָאבֶּען דִיא אִידֶען אִין עֶסְטֶערְרַייךְ־אוּנְגַארְן בֶּע־ קוּמֶען פוּלֶע בִּירְגֶער־רֶעכְטֶע.

גאנץ גלאט איז עס אויך ניט אפגעלאפען, די קאטוילישע גייסט־ליכע האבען אויפגערייצט דאס פאלק געגען אידען און עס זיינען פאר־געקומען פאגראמען אויף אידען אין טרעביטש און אין לעמבערג, אין טיראל און אין אנדערע זיד־פראווינצען האט מען נאך אימער בעשרענקט די רעכטע פון אידען, מען האט זיי ניט ערלויבט צו קויפען לאנד און מען האט זיי אויסגעשלאסען פון אלע עמטער.

אויך אין וויען האט דער אנטיסעמיטיזמוס, דער יודענהאס, זיך געלאזט פיהלען און מען פיהלט איהם, ליידער, ביז אויף היינטיגען טאג. די „וויענער קירכענצייטונג“ האט געשאטען שוועבעל און פעך אויף די ערשטע צוויי וויענער אידען, קוראנדא און ווינטערשטיין, וועלכע זיינען געוועהלט געווארען אין רייכסראטה (פארלאמענט) און ווען קייסער פראנץ יאזעף האט געשענקט דעם וויענער ראטהשילד דעם טיטול באראן און האט איהם ערנאנט אלס מיטגליעד פון דעם הערענהויז, האט די „וויענער קירכענצייטונג“ געדרוקט א רייהע ארטיקלען איבער אידען אלס פראצענטניקעס און בלוטזויגער.

דער יודענהאס האט ניט אויפגעהערט אין עסטערייך. מען ברויכט ניט געגען אידען די ברוטאלע מאכט פון פאגראמען, מען שטיקט זיי עקאנאמיש. מען קויפט ניט ביי זיי, מען וויל מיט זיי ניט האנדלען און מען זוכט אפצורייסען פון זיי יעדען ערווערבסצווייג. עס איז דארום גאר קיין וואונדער, וואס זייט די אידען פון רוסלאנד האבען אנגעהויבען אויס־צוואנדערן נאך אמעריקא, האבען עסטערייכישע אידען זיי נאכגעטהון און אויסגעוואנדערט אין מאסען נאך אמעריקא.

די עסטערייכישע אידען האבען ארויסגעגעבען פיעלע גרויסע און בעריהמטע מענער אין אלע צווייגען פון מענשליכעם וויסען: בעריהמטע תלמוד־יסטען, ווי רבי צבי הירש חיות, רבי שלמה קלוגער, רבי יוסף שאול נאטאנזאהן, מארקוס וואלף עטטינגער און אנדערע. אלס דענקער און פארשער נחמן קראכמאל (1789 — 1840 שלמה יהודה ראפאפארט (1790 — 1867 דער בעריהמטער דאקטאר און העברעאישער הומאריסטישער שריפטשטעלער יצחק ערטער (געשטארבען 1851 שלמה בובער, א היסטא־רישער פארשער (1827 — 1904 יצחק הירש ווייס, היסטאריקער דוד קויפ־מאן (1852 — 1899 אדאלף יעללעניק (1821 — 1894 ל. צייסעל, פראפעסאר פון הויט־קראנקהייטען אין דער וויענער אוניווערזיטעט. וואלפגאנג וועססעלי

פְּרָאפֶּעסָאר פון קְרִימִינַאל־גֶעזֶעץ אִין דָער פְּרָאגֶער אוּנִיוֶוערְסִיטֶעט. דר. לוּדְוִויג אויגוּסְט פְרֶענקֶעל, רֵייזֶענְדֶער, דִיכְטֶער און שְׁרִיפְטְשְׁטֶעלֶער און דָעם גְרוֹיסֶען צִיוֹנִיסְטֶען־פִירֶער טְהֶעאָדָאר הֶערְצִיל.

עֶס אִיז כִּמְעַט אוּנְמֶעגְלִיךְ אוֹיסְצוּרֶעכֶענֶען אַלֶע גְרוֹיסֶע אִידִישֶׁע מֶענֶער פון עֶסְטֶערְרַייךְ־אוּנְגַארְן פון דֶער נַייעֶסְטֶער צַייט. יֶעדֶער הָאט גֶעווִירְקְט און גֶעשַׁאפְט אִין זַיין קְרַייז. יֶעדֶער הָאט גֶעטְהָאן, וָואס עֶר הָאט גֶעקֶענְט פַאר זַיין פָאלְק און דָאךְ אִיז דִי לַאגֶע פון אִידֶען אִין עֶסְטֶערְרַייךְ אַ רֶעכְט טְרוֹיעֶרִיגֶע. קַיין אוֹיסְזִיכְט און קַיין הָאפְנוּנְג אוֹיף בֶּעסֶערֶע צַייטֶען.

פִיעל בֶּעסֶער אִיז דִי לַאגֶע פון דִי אִידֶען אִין אוּנְגַארְן. דָארְט הָאבֶּען זֵיי אַלֶע בִּירְגֶער־רֶעכְטֶע און דֶער אַנְטִיסֶמִיטִיזְמוּס אִיז דָארְט נִיט אַזוֹי גִיפְטִיג, וִוי אִין עֶסְטֶערְרַייךְ.

---

# 10. אִידֶען אִין דַייטְשְׁלַאנְד און אִין פְרַאנְקְרַייךְ

## פון 1848 בִּיז 1900.

מֶען רופְט דָאס יָאהר 1848 דָאס מְשׁוּגֶע׳נֶע יָאהר און דָאס אִיז אִין אַ גֶעווִיסֶער בֶּעצִיהוּנְג גַאנְץ רִיכְטִיג. דִי פֶעלְקֶער פון אֵייְרָאפַּא זַיינֶען מְשׁוּגָע גֶעוָוארֶען און אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פָארְדֶערְן פְרַייהַייט און גְלַייכְהַייט. וִוי אַ בִּינְטֶעל פַייעֶרְוֶוערְק, וֶועלְכֶע צִינְדֶען זִיךְ אָן אֵיינֶער פון דֶעם אַנְדֶערְן און שִׁיעסֶען, און קְנַאקֶען, און טְרַאכֶען און שְׁפְּרִיצֶען פַייעֶרְפוּנְקֶען אִין אַלֶע זַייטֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי רֶעווָאלוּצִיָאנֶען אִין 1848 און זַיינֶען אַרִיבֶּערְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פון אֵיין לַאנְד צוּם אַנְדֶערְן און הָאבֶּען אִין יֶעדֶען לַאנְד גֶעקְנַאקְט און גֶעטְרַאכֶעט און גֶעוָוארְפֶען פַייעֶרְפוּנְקֶען אִיבֶּערַאל. עֶס אִיז קוֹים גֶעוֶוען אַ לַאנְד אִין אֵייְרָאפַּא, וואו מֶען הָאט נִיט גֶעפִיהלְט דִיעזֶע אוּנְרוּהֶע, דִיעזֶע אוּנְצוּפְרִיעדֶענְהַייט, דִיעזֶען שִׁגָעוֹן פון 1848.

דִי עֶרְשְׁטֶע בָּאמְבֶּע הָאט גֶעפְּלַאצְט אִין פְרַאנְקְרַייךְ. דָאס פָאלְק אִיז נִיט גֶעוֶוען צוּפְרִיעדֶען מִיט קֶענִיג לוּאִי פִילִיפְּ׳ס רֶעגִירוּנְג און דֶעם 21טֶען פֶעבְּרוּאַר 1848 הָאט אוֹיסְגֶעבְּרָאכֶען דִי רֶעוָואלוּצְיָאן אִין פַּארִיז. דִי אַרְמֶעע הָאט שְׁוַואךְ פֶערְטְהֵיידִיגְט דֶעם קֶענִיג און דָאס פָאלְק הָאט גֶעװ־

זיגט. דען 24טען פעבּרואַר איז קעניג לואי פיליפּ אַנטלאָפען געוואָרען פון פראַנקרייך און דאָס פאָלק האָט ערקלערט פראַנקרייך פאַר אַ רע־פּובּליק.

איידער מען האָט געוועהלט אַ פּרעזידענט פון דער פריש־געבּאַ־קענער רעפּובּליק, האָט זיך געבּילדעט אַ פּראָוויזאָרישע רעגיערונג און דער אידישער דעפּוטאַט יצחק משה אָדער אַדאָלף קרעמיע איז ער־נאַנט געוואָרען אַלס יוסטיץ־מיניסטער. קרעמיע איז געווען אַ פּערזענלי־כער פריינד פון פּרינץ לואי נאַפּאָלעאָן. ווי יעדער איד פון יענער צייט, האָט ער ניט געקענט פערגעסען, וואָס נאַפּאָלעאָן דער ערשטער, אָדער דער גרויסער נאַפּאָלעאָן האָט געטהאָן פאַר אידען אין אַלע לענדער, וואו זיין איינפלוס האָט געווירקט. נאַפּאָלעאָן דער ערשטער האָט געהאַט אידען אַלס גענעראַלען און פעלדמאַרשאַלען אין זיין אַרמעע, און וואו ער איז געקומען, האָט ער געגעבּען אידען גלייכע בּירגער־רעכטע מיט די קריסטען. אַדאָלף קרעמיע האָט דאַרום גאַנץ ריכטיג גערעכענט, אַז אַ פּרינץ פון דער פאַמיליע נאַפּאָלעאָן פּאַסט אַם בּעסטען אַלס פּרעזי־דענט פון דער צווייטער פראַנצויזישער רעפּובּליק, און ער האָט אָנגעווענדעט אַלע מעגליכע מיטעל, אַז לואי נאַפּאָלעאָן זאָל געוועהלט ווערן אַלס פּרעזידענט.

לואי נאַפּאָלעאָן איז געוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזידענט פון דער צווייטער פראַנצויזישער רעפּובּליק אַם 10טען דעצעמבּער 1848, אָבּער שוין אין מאַי 1849 האָט ער געוויזען, אַז ער איז ניט צופריעדען מיט דעם טיטול פּרעזידענט, ער זוכט די קרוין פון זיין אָנקעל, דעם גרוי־סען נאַפּאָלעאָן. ער האָט זיך געגעבּען אַלע מעגליכע מיה צו צוציהען צו זיך די קאַטוילישע גייסטליכע און דאָס האָט געקרענקט דעם יוסטיץ־מיניסטער אַדאָלף קרעמיע. ער האָט געוואוסט, אַז רוים איז דער ערגסטער פיינד פון ירושלים. ווען דער קאַטוילישער גייסטליכער וועט העררשען אין פראַנקרייך, וועט דער איד זיין פערראַכטעט און אונטער־דריקט. קרעמיע האָט איהם פערזענליך געוואָרנט, אָבּער עס האָט ניט געהאָלפען.

דעם צווייטען דעצעמבּער 1851 האָט לואי נאַפּאָלעאָן אויפגעלעזט דאָס פראַנצויזישע פּאַרלאַמענט און האָט אַראָפּגעזעצט פון זייערע עמ־טער אַלע מיניסטאָרען. עס האָט וויעדער אויסגעבּראָכען אַ רעוואָלוציאָן,

אָבער לואי נאַפּאָלעאָן האָט זי אונטערדריקט מיט פייער און שווערד. ער האָט ניט געשוינט זיין בעסטען פריינד אַדאָלף קרעמיעע. אויף אַ בעפעהל פון לואי נאַפּאָלעאָן האָט מען אַדאָלף קרעמיעע אַרעסטירט און אַריינגעוואָרפען אין דעם געפענגניס פון מאַזאַ מיט רויבער און מערדער. זעקס וואָכען איז אַדאָלף קרעמיעע געזעסען פערשפּאַרט אין געפענגניס. מען האָט צו איהם ניט צוגעלאָזען זאָגאר זיין פרוי און זיינע קינדער.

אין 1852 איז לואי נאַפּאָלעאָן געוואָרען קייזער פון די פראַנצויזען מיט דעם טיטול נאַפּאָלעאָן דער דריטער. ער האָט געהייסען בעפרייען אַדאָלף קרעמיעע און האָט איהם זאָגאר אָנגעבאָטען דאָס פּאָרטפעל פון אַ מיניסטער. אַדאָלף קרעמיעע האָט אָבער מעהר ניט געוואָלט וויסען פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטען. ער האָט איהם מעהר ניט געזעהן און האָט מעהר ניט געוואָלט איהם זעהן. ער איז צוואַר אין 1859 ווידער ערוועהלט געוואָרען אין פּאַרלאַמענט, אָבער יעצט איז ער געוואָרען דער געגנער פון קייזער נאַפּאָלעאָן.

קייזער נאַפּאָלעאָן דער דריטער האָט געהערשט אין פראַנקרייך פון 1852 ביז 1870 אָדער 18 יאָהר, ער איז געווען אַ פריינד פון אידען. פיעלע אידען זיינען געווען מיניסטאָרען און רעגירונגס־בעאַמטע אין דער צייט פון זיין רעגירונג ער האָט געוואָלט פערניכטען יעדע שפּור פון יודענהאַס און פון אַ גהעטאָ אין פּאַריז. ער האָט געוואָלט אָפּשאַפען און פערניכטען יעדע אַלטע ערינערונג פון אַנטיסעמיטיזמוס אָדער יודענפיינדשאַפט אין פראַנקרייך און אין די לענדער, וועלכע פראַנקרייך האָט אָפּגענומען אין דער צייט פון זיין רעגירונג.

אַדאָלף קרעמיעע איז אָבער געווען אַ שטרענגער רעפּובליקאַנער, ער האָט אויף קיין פאַל ניט געקענט פערצייהען לואי נאַפּאָלעאָן זיין קייזער־קראָנע.

אַדאָלף קרעמיעע איז געווען דער ערשטער איד, וועלכער האָט פערשטאַנען די נויטהווענדיגקייט פון אַ פעראייניגונג פון אַלע אידען פון אַלע לענדער, וואו זיי וואָהנען, און אין 1860 האָט ער געגרינדעט די „אַלליאַנס איזראַעליט אוניווערסעלל" אָדער די „חברה כל ישראל חברים" איינע פון די גרעסטע און וויכטיגסטע אידישע פעראייניגונגען, וועלכע האָט געבראַכט דעם גרעסטען נוצען פאַר אידען אין אַלע לענדער.

זָאלַאנג לוּאִי נַאפָּאלֶעאָן אִיז גֶעוֶועןקֵייזֶער פוּן דִי פְרַאנְצוֹזֶען, הָאט אַדָאלְף קְרֶעמִיֶעזִיךְ אָפְּגֶעגֶעבֶּען אוֹיסְשְׁלִיעסְלִיךְ מִיט אִידִישֶׁע אַנְגֶעלֶעגֶענְהַייטֶען אוּן מִיט זַיין גְרוֹיסֶער פְּרַאקְסִיס אַלְס אַדְוָואקַאט. עֶרְשְׁט אִין 1870, וֶוען קֵייזֶער נַאפָּאלֶעאָן אִיז גֶעפַאנְגֶען גֶעוָוארֶען פוּן דִי דַייטְשֶׁען אוּן פְרַאנְקְרַייךְ אִיז ווִיעדֶער גֶעוָוארֶען אַ רֶעפּוּבְּלִיק — דִי דְרִיטֶע רֶעפּוּבְּלִיק, וִוי זִי הֵייסְט אִין דֶער גֶעשִׁיכְטֶע פוּן פְרַאנְקְרַייךְ, אִיז אַדָאלְף קְרֶעמִיֶע ווִיעדֶער גֶעוָוארֶען אַ מִיטְגְלִיעד פוּן דֶער פְּרָאווִיזָארִישֶׁער רֶעגִירוּנְג אוּן שְׁפֶּעטֶער יוּסְטִיץ־מִינִיסְטֶער. דָאס פְרַאנְצוֹיזִישֶׁע פָאלְק הָאט אַנְעֶרְקֶענְט זַיין פַּאטְרִיאָטִיזְמוּס אוּן זַיין טְהֶעטִיגְקֵייט צוּם וואהל אוּן בֶּעסְטֶען פוּן פְרַאנְקְרַייךְ. אִין 1876 אִיז עֶר פוּן דֶעם פְרַאנְצוֹיזִישֶׁען פַּארְלַאמֶענְט גֶעוֶועהלְט גֶעוָוארֶען אַלְס סֶענַאטָאר פוּן פְרַאנְקְרַייךְ אוֹיף לֶעבֶּען לַאנְג.

אַדָאלְף קְרֶעמִיֶע אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען דֶען 10טֶען פֶעבְּרוּאַר 1880.

דִי אִידֶען אִין פְרַאנְקְרַייךְ הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט זִיךְ בֶּעקְלָאגֶען, בִּיז אִין דֶער נֵייעֶסְטֶער צַייט, וֶוען עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי דְרֵייפוּס־גֶעשִׁיכְטֶע, וֶועלְכֶע אִיךְ ווִיל בֶּעשְׁרַייבֶּען אִין אַ בֶּעזוּנְדֶערֶעם קַאפִּיטֶעל.

גַאנְץ אַנְדֶערְשׁ הָאבֶּען עֶס גֶעהַאט דִי אִידֶען אִין דַייטְשְׁלַאנְד. כִּמְעַט דָאס גַאנְצֶע 19טֶע יָאהְרְהוּנְדֶערְט, פוּן דִי קְרִיעג פוּן דִי דַייטְשֶׁע לֶענְדֶער מִיט נַאפָּאלֶעאָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען אִין 1806 בִּיז 1899 אוּן בִּיז צוּם אָנְפַאנְג פוּן דֶעם 20סְטֶען יָאהְרְהוּנְדֶערְט, הָאבֶּען דִי אִידֶען אִין דַייטְשְׁלַאנְד גֶעמוּזְט פִיהְרֶען אַ טְרוֹיעֶרִיגֶען, שְׁוֶוערֶען פֶערְבִּיטֶערְטֶען קַאמְפְּף פַאר זֵייעֶרֶע מֶענְשֶׁען־רֶעכְטֶע, פַאר זֵייעֶרֶע בִּירְגֶער־רֶעכְטֶע, פַאר זֵייעֶר עֶהְרֶע, פַאר זֵייעֶר נָאמֶען אִיד.

דֶער בֶּערִיהְמְטֶער פְרַאנְצוֹיזִישֶׁער שְׁרִיפְטְשְׁטֶעלֶער אוּן פּוּבְּלִיצִיסְט, אַנַאטָאל לֶערוּאַ־בָּאלִיֶע, הָאט גֶעזָאגְט אִין דֶער צַייט פוּן דֶעם דְרֵייפוּס־פְּרָאצֶעס:

„דֶער אַנְטִיסֶעמִיטִיזְם אִיז אִימְפָּארְטִירְט פוּן דַייטְשְׁלַאנְד. עֶר אִיז אִימְפָּארְטִירְט, רִיכְטִיגֶער נָאךְ, אַרַיינְגֶעשְׁמוּגֶעלְט גֶעוָוארֶען, אִין פְרַאנְקְרַייךְ. עֶר אִיז אִימְפָּארְטִירְט גֶעוָוארֶען אִין וַואנְדַאלֶעזוּנְגֶען אִין עֶסְטֶערְרַייךְ־אוּנְגַארְן אוּן עֶר אִיז אִימְפָּארְטִירְט גֶעוָוארֶען אִין גַאנְצֶע אַייזֶענְבַּאהְן־צִיגֶע אִין רוּסְלַאנְד. דַייטְשְׁלַאנְד הָאט אוֹיסְגֶעבְּרִיהְט דֶעם אַנְטִיסֶעמִיטִיזְם אוּן הָאט אִיהם צוּשִׁיקְט אוּן פֶערְבְּרֵייטֶעט אִין אַלֶע צִיווִילִיזִירְטֶע לֶענְדֶער".

אִין דֶער צַייט פוּן דִי קְרִיעג מִיט קֵייסֶער נַאפָּאלֶעאָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען

הָאבֶּען אִידֶען גֶעקֶעמְפְּפְט, גֶעבְּלוּטֶעט אוּן גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם שְׁלַאכְט־פֶעלְד פַאר זֵייעֶר דַייטְשֶׁעס פָאטֶערְלַאנְד. מֶען הָאט עֶס גֶעפִיהלְט, מֶען הָאט עֶס אַנְעֶרְקֶענְט אוּן פִיעלֶע עֶרְנְסְטֶע מֶענֶער הָאבֶּען גֶעפָארְדֶערְט „די גְלַייכְבֶּערֶעכְטִיגוּנְג דֶער אִידֶען אִין פְּרַייסֶען“ אָדֶער גְלַייכֶע בִּירְגֶערְ־רֶעכְטֶע פַאר אִידֶען אוּן נִיט אִידֶען. קֶענִיג פְרִיעדְרִיךְ ווִילְהֶעלְם דֶער דְרִיטֶער הָאט גֶעמוּזְט נָאכְגֶעבֶּען אוּן עֶר הָאט פְּרָאבִּירְט אָפְּשַׁאפֶען די זָאנְדֶערְ־גֶעזֶעצֶע, אוֹיסְנַאהמס־גֶעזֶעצֶע, פַאר אִידֶען. דָאס אִיז אִיהם אָבֶּער נִיט גֶעלוּנְגֶען, עֶס הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטִימֶען גֶעגֶען די אִידֶען אוּן מֶען הָאט אָנְגֶע־הוֹיבֶּען צוּפֶערְקְלָאגֶען אוּן צוּפֶערְדַאמֶען די אִידֶען.

שוֹין אִין 1819 הָאט אוֹיסְגֶעבְּרָאכֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער שְׁטוּרְם גֶעגֶען די אִידֶען. דֶען צְווֵייטֶען אוֹיגוּסְט 1819 הָאט מֶען אִין דֶער אוּנִיוֶוערְסִיטֶעט פוּן ווִירְצְבּוּרְג אוֹיפְגֶענוּמֶען אַ נַייעֶם פְּרָאפֶעסָאר מִיט אַלֶע עֶהרֶן אוּן מִיט אַלֶע צֶערֶעמָאנִיעֶן, ווִי מֶען פְלֶעגְט עֶס אַמָאל מַאכֶען אִין דַייטְשְׁלַאנְד. די סְטוּדֶענְטֶען אוּן די פְּרָאפֶעסָארֶען הָאבֶּען פֶערְאַנְשְׁטַאלְטֶעט אַ פְּרָאצֶעסְיָאן, אַ מַארְשׁ, צוּ דֶער אוּנִיוֶוערְסִיטֶעט. פְּלוּצְלוּנְג הָאבֶּען זֵיי דֶערְזֶעהן אִין זֵייעֶר מִיטֶע דֶעם אַלְטֶען פְּרָאפֶעסָאר בְּרֶענְדֶעל, ווֶעלְכֶער הָאט מִיט אֵיינִיגֶע צַייט צוּרִיק אָנְגֶעשְׁרִיעבֶּען אַ בּוּךְ, אִין ווֶעלְכֶען עֶר הָאט בֶּעווִיעזֶען, אַז אִידֶען דַארְפֶען הָאבֶּען גְלַייכֶע רֶעכְטֶע מִיט אַלֶע בִּירְגֶער פוּן דַייטְשְׁלַאנְד. קוֹים הָאבֶּען די סְטוּדֶענְטֶען דֶערְזֶעהן דֶעם אַלְטֶען גֶעלֶערְנְטֶען, הָאבֶּען זֵיי אַרוֹיס־גֶעלָאזֶען אַ ווִילְדֶעס גֶעשְׁרֵיי:

„הֶעפּ! הֶעפּ! יוּדֶע פֶערְרֶעקְ!“

קוֹיפְלַייטֶע, קְלֵיינֶע הֶענְדְלֶער אוּן הַאנְדְווֶערְקֶער הָאבֶּען זִיךְ פֶער־אֵיינִיגְט מִיט די סְטוּדֶענְטֶען אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בְּרֶעכֶען די שוֹיבֶּען פוּן אִידִישֶׁע קְרָאמֶען אוּן פוּן אִידִישֶׁע הַייזֶער. עֶס אִיז פָארְגֶעקוּמֶען אַ פָּאגְרָאם, ווֶעלְכֶער אִיז גֶעוֶוען נִיט פִיעל עֶרְגֶער, ווִי די פָּאגְרָאמֶען אִין יֶעלִיסַאוֶועטְגְרַאד, אַדֶעסַא אוּן בַּאלְטַא. מֶען הָאט גֶעווָאלְט שְׁלָאגֶען דֶעם אַלְטֶען פְּרָאפֶעסָאר בְּרֶענְדֶעל, אָבֶּער עֶר אִיז אַנְטְלָאפֶען אוּן אִיז שְׁפֶּעטֶער אוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעווָארֶען אַלְס פְּרָאפֶעסָאר אִין דֶער אוּנִיוֶוערְסִיטֶעט פוּן צִירִיךְ, שְׁווַייץ.

דֶער אַנְטִיסֶעמִיטִיזְם הָאט אוֹיסְגֶעבְּרָאכֶען מִיט זַיין גַאנְצֶער בְּרוּטַא־לֶער מַאכְט. מֶען הָאט נָאךְ דַאמָאלְס נִיט גֶעבְּרוֹיכְט דָאס ווָארְט „אַנְטִיסֶע־מִיטִיזְם“, עֶס הָאט נוּר גֶעהֵייסֶען „גֶעגֶען די אִידֶען“, עֶס אִיז נוּר גֶעוֶוען

אַנאַנדער שְׁלֵייעֶר פוּן דֶער אַלְטֶער יֶענְסֶע. אַ שְׁוַוארְצֶער, טְרוֹיעֶרִיגֶער שְׁלֵייעֶר, אוּן בַּאלְד הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ צוּ שִׁיטֶען בֶּעלֵיידִיגוּנְגֶען, שִׁימְפְּפֶעריייֶען אוּן זִידְלֶערַייעֶן אוֹיף אִידֶען, װעלְכֶע הָאבֶּען אָפְּט גֶעבְּרוֹיכְט אַ שְׁפְּרַאכֶע, װעלְכֶע פַּאסְט נִיט פַאר אַנְשְׁטֶענְדִיגֶע מֶענְשֶׁען.

די לַאגֶע פוּן די אִידֶען אִין דַייטְשְׁלַאנְד אִיז גֶעוָוארֶען אַ הֶערְצְרַייסֶענְד־טְרוֹיעֶרִיגֶע, אַ פֶערְצְוֵוייפֶעלְט־הֶעסְלִיכֶע. אִין צַייטוּנְגֶען, אִין בְּרָאשוּרֶען, אִין פְלוּג־שְׁרִיפְטֶען אוּן זָאנַאר אוֹיף דֶער בִּיהְנֶע הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שִׁיטֶען שְׁוֶועבֶעל אוּן פֶּעךְ אוֹיף אִידֶען. עֶס אִיז נָאר קַיין וְואוּנְדֶער, וָואס פִיעלֶע דַייטְשֶׁע אִידֶען הָאבֶּען אָנְגֶענוּמֶען דָאס קְרִיסְטֶענְטְהוּם. זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט זִיךְ הֶעלְפֶען, זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט אִיבֶּערְטְרָאגֶען די זִידְלֶערַייעֶן, די שִׁימְפְּפֶעריייֶען, די שֶׁענְדוּנְגֶען אוּן פֶערְאַכְטוּנְג פוּן זֵייעֶרֶע מִיטְבִּירְגֶער. די אִידֶען, װעלְכֶע זַיינֶען גֶעבְּלִיעבֶּען גֶעטְרַייא דֶעם יוּדֶענְטְהוּם, הָאבֶּען גֶעזוּכְט אַלֶערְלֵיי מִיטֶעל, מִיט װעלְכֶע צוּ פֶערְשֶׁעהֶענֶערְן אוּן צוּ פֶערְפַיינֶערְן דָאס יוּדֶענְטְהוּם אוּן עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען די רֶעפָארְם־בֶּעוֶועגוּנְג, װעלְכֶע הָאט גֶעפַאסְט פֶעסְטֶע וָוארְצְלֶען אִין דַייטְשְׁלַאנְד, עֶנְגְלַאנְד אוּן בֶּעזָאנְדֶערְס אִין אַמֶעריקַא.

דָאס הָאט אָבֶּער װעניג גֶעהָאלְפֶען. די דַייטְשֶׁע גַייסְטְלִיכֶע אוּן די װילְדֶע פַּאטְרִיאָטֶען הָאבֶּען גֶעפָארְדֶערְט, אַז אִידֶען זָאלֶען זִיךְ אִין גַאנְצֶען אָפְּזָאגֶען פוּן זֵייעֶרֶע צֶערֶעמָאנִיאַל־גֶעזֶעצֶע, פוּן זֵייעֶרֶע טְרַאדִיצְיָאנֶען, פוּן זֵייעֶר יוּדֶענְטְהוּם.

פְּרָאפֶעסָאר ה. ע. ג. פַּאוּלוּס הָאט אִין 1830 אָנְגֶעשְׁרִיעבֶּען אוּן פֶערעֶפֶענְטְלִיכְט זַיין בּוּךְ: „די אִידִישֶׁע נַאצִיאָנַאל־אָבְּזוּנְדֶערוּנְג“, װעלְכֶעס הָאט גֶעמַאכְט אַ טִיעפֶען, שְׁוֶוערֶען אַיינְדרוּק.

אִין 1834 הָאט פְּרָאפֶעסָאר א. טה. הַארְטְמַאן פֶערעֶפֶענְטְלִיכְט זַיין יוּדֶענְפַיינְדְלִיכֶעס װערְק: „גֶעגֶען די גְלַייכְבֶּערֶעכְטִיגוּנְג דֶער יוּדֶען.“ אִין 1841 הָאט אַ הוֹיכֶער בֶּעאַמְטֶער פָאן־טְהִיעלֶע פֶערעֶפֶענְטְלִיכְט אַ בּוּךְ אוּנְטֶער דֶעם טִיטוּל: „די אִידִישֶׁע נוֹיטֶער (שְׁווינְדְלֶער אוּן בֶּעטְרִיגֶער) אִין דַייטְשְׁלַאנְד.“ אַ קוּרְצֶע צַייט שְׁפֶּעטֶער אִיז דֶערְזֶעלְבֶּער פָאן־טְהִיעלֶע גֶעוָוארֶען מִינִיסְטֶער דֶער אִינְנֶערְן אַנְגֶעלֶעגֶענְהַייטֶען פוּן פְּרַייסֶען אוּן װען גַבְּרִיאֵל רִיסֶער אוּן אַנְדֶערֶע פְּרָאמִינֶענְטֶע דַייטְשֶׁע אִידֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעװענְדֶעט צוּ אִיהם מִיט אַ בִּיטֶע, אַז אִידֶען זָאלֶען אוֹיפְגֶענוּמֶען װערְן אִין די פְּרַייסִישֶׁע אוּנִיװערְסִיטֶעטֶען אוּן זֵיי זָאלֶען הָאבֶּען אַלֶע רֶעכְטֶע אוּן

אַלֶע עֶהרֶן וֶועלכֶע אַן אוּניוֶוערזִיטֶעט־בִּילְדוּנג קֶען גֶעבֶּען, הָאט פָאן־טְהִיעלֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט:

„דֶער יוּדֶע קֶען נָאר נִיט הָאבֶּען אַ פָאטֶערְלַאנְד. זַיין גְלוֹיבֶּען און זַיינֶע טְרַאדִיצְיָאנֶען זַיינֶען פַיינְדְלִיךְ גֶעגֶען יֶעדֶעס פָאטֶערְלַאנְד. צִיוֹן אִיז דָאס אֵיינְצִיגֶע פָאטֶערְלַאנְד פוּן דֶעם אִידֶען און מִיר וֶועהרֶען אִיהם נִיט, עֶר זָאל זִיךְ פָאדֶערֶען אִין זַיין פָאטֶערְלַאנְד.“

וֶוען מִיר לֶעזֶען הַיינְט מִינִיסְטֶער פָאן־טְהִיעלֶעס אַנְטְוָוארְט, קֶען עֶס זִיךְ אוֹיסְוַוייזֶען, אַז דָאס הָאט גֶעזָאגְט דר. טְהֶעאָדָאר הֶערְצְל, פָאן־טְהִיעלֶע הָאט עֶס אָבֶּער אַנְדֶערְשׁ גֶעמֵיינְט. אִין 1847 הָאט עֶר זָאנַאר אוֹיסְגֶע־אַרְבֵּייטֶעט אַ גֶעוִויסֶען פְּלַאן פַאר דִי אִידֶען אִין פְּרֵייסֶען, און צְוַואר, אַז מֶען זָאל בֶּעטְרַאכְטֶען דִי יוּדֶען אַלְס פְרֶעמְדֶע, אַלְס אַיינְגֶעוַואנְדֶערְטֶע, וֶועלְכֶע זַיינֶען קַיינֶע בִּירְגֶער און קֶענֶען נָאר נִיט פֶערְלַאנְגֶען בִּירְגֶער־רֶעכְטֶע, וִוי דִי צִינַיינֶער קֶענֶען קַיינֶע בִּירְגֶער־רֶעכְטֶע פֶערְלַאנְגֶען.

קֶענִיג פְרִיעדְרִיךְ ווִילְהֶעלְם דֶער פִיערְטֶער הָאט גֶעוָואלְט אָנְנֶעהמֶען פָאן־טְהִיעלֶעס פְּלַאן, אָבֶּער עֶר הָאט גֶעצֶעגֶערְט, ווַייל דַייטְשְׁלַאנְד אִיז גֶעוָוארֶען אוּנְרוּהִיג און אַ יָאהר שְׁפֶּעטֶער אִין 1848, הָאט אוֹיסְגֶעבְּרָאכֶען דִי רֶעוָואלוּצְיָאן.

עֶס אִיז קוֹים פֶערְשְׁטֶענְדְלִיךְ, קוֹים עֶרְקְלֶעהרְלִיךְ, וִוי דִי בֶּעסְטֶע און דִי גְרֶעסְטֶע מֶענֶער פוּן דַייטְשְׁלַאנְד הָאבֶּען דָאמָאלְס גֶעפִיהלְט און אוֹיסְגֶעדְרִיקְט אַ נַאל־בִּיטֶערְן יוּדֶענְהַאס. קַארְל שְׁטְרֶעקְפוּס, אַ דִיכְטֶער און אַ שְׁטַאאַטְסְמַאן, הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען:

„דִי יוּדֶען זִינְד פְרֶעמְדְלִינְגֶע אִין דַייטְשְׁלַאנְד און זַיי וֶועלֶען עֶס בְּלַייבֶּען, זָאלַאנְג זַיי וֶועלֶען בְּלַייבֶּען יוּדֶען.“

בְּרוּנָא בּוֹיעֶר, אֵיינֶער פוּן דִי גְרֶעסְטֶע טְהֶעאָלָאגֶען פוּן דַייטְשְׁלַאנְד און אַ הֶעכְסְט עֶרְנְסְטֶער מַאן, הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין אַ בְּרָאשׁוּרֶע אוּנְטֶער דֶעם טִיטוּל: „צוּר יוּדֶענְפְרַאגֶע.“

„זָאלַאנְג דִי יוּדֶען הַאלְטֶען זִיךְ אָן זַייעֶר לֶעהרֶע, אָן זַייעֶר תַּלְמוּד און אָן זַייעֶר אָבְּגֶעשְׁלָאסֶענְהַייט און אָבְּגֶעזוּנְדֶערְטְהַייט, קֶענֶען זַיי נִיט וֶוערֶען גוּטֶע און גֶעטְרַייעֶ בִּירְגֶער. זַיי הָאבֶּען זָאנַאר נִיט דָאס רֶעכְט עֶס צוּ פָארְדֶערְן, ווַייל זַיי הָאבֶּען אוֹיסְנַאהם־גֶעזֶעצֶע און דִי רֶעגִיערוּנְג דַארְף מַאכֶען גֶעגֶען זַיי אוֹיסְנַאהם־גֶעזֶעצֶע.“

מֶען קֶען זִיךְ לַייכְט פָארְשְׁטֶעלֶען, וָואס פַאר אַ וַוארִיכֶען אַנְטְהַייל

די אידען פון דייטשלאנד האבען גענומען אין דער רעוואלוציאן פון 1848. עס האט אנגעהויבען צו וועהן א פרייער ווינד און מען האט איהם גע־פיהלט אין דייטשלאנד. אידען האבען געקעמפפט פאר זייערע רעכטע און די נייע קאנסטיטוציאן האט ערקלערט, אז אלע בירגער זיינען גלייך פאר דעם געזעץ.

ליידער, האט דיזע ליבעראלע ריכטונג, דיעזער פרייער האוך, געדויערט ניט לאנג. די דייטשע רעגיערונגען האבען שוין אין 1849 אנ־געהויבען צוריקצונעהמען די פרייהייטען, רעכטע און פריווילעגיען, וועלכע זיי האבען געגעבען דעם פאלק אין 1848.

אהרן בערנשטיין, דער בעריהמטער פערפאסער פון די פאלקס־וויסענשאפטליכע ווערק, האט דאמאלס ארויסגעגעבען א צייטונג אין דער דייטשער שפראכע. אין 1849 האט ער אנגעשריבען עטליכע שארפע ארטיקלען געגען די רעגיערונג, וועלכע האלט ניט איהר ווארט געגען איהרע בירגער. מען האט קאנפיסצירט זיין צייטונג און מען האט איהם פערארורטהיילט אויף פיער מאנאטען געפענגניס, וועלכע ער איז אויך אפגעזעסען.

ביי אלל דעם האבען זיך די אידען אין דייטשלאנד געפיהלט פיעל בעסער. מען האט דאך געעפענט פאר זיי אלע אוניווערסיטעטען און העכערע שולען. מען האט שוין געקענט געפינען אידען אלס בעאמטע און אלס ריכטער. פיעלע אידען זיינען געוועהלט געווארען אין פארלא־מענט און זיי האבען פערטהיידיגט די אידען מיט דער גאנצער מאכט פון זייער רעדנער־טאלאנט און פון זייער וויסען און קענען. אידען הא־בען אנגעהויבען צו האפען אויף בעסערע צייטען.

אין 1870, ווען עס האט אויסגעבראכען דער קריעג צווישען דייטש־לאנד און פראנקרייך, האבען אלע אידישע יונגעלייט זיך פערשריבען אין די דייטשע ארמעע, האבען געקעמפפט פאר דייטשלאנד און פיעלע האבען זיך בעזאנדערס אויסגעצייכענט אין דיעזען קריעג און האבען בעקומען דעם ראנג (טשין) פון קאפיטאן, מאיאר און זאגאר העכער. יעצט זיינען זיי געוועזען פעסט איבערצייגט, אז די פעראיינינגונג פון דייטש־לאנד וועט ענדליך ברענגען א פאלשטענדיגע פרייהייט און גלייכהייט פאר די אידען.

ווי ביטער האבען זיי זיך אבער געטוישט! דער זיעג איבער

פראנקרייך האט שטאלץ געמאכט די דייטשען און דער יודענהאס האט זיך צובּרענגט נאך דעם קריעג מיט אונהיימליך רויטע פלאמען. די קא־טוילישע צייטונג, די בעוואוסטע אנטיסעמיטישע „קרייץ־צייטונג", האט ערקלערט אין א סעריע ארטיקלען אז די יעזואיטען וואלטען געווען גאנץ גוטע און ניצליכע מענשען, ווען עס זאלען זיך ניט געפינען צווי־שען זיי אזויפיעל אידען. די אידען, וועלכע טויפען זיך און ווערן יעזו־איטען, פערדארבען און פערפעסטען די קריסטליכע יעזואיטען.

די „קרייץ־צייטונג" האט געשריעבען דיעזע ארטיקלען אויס פאלי־טיק. די רעדאקטערע פון דיעזער צייטונג האבען געוואוסט, אז פירסט ביסמארק טראגט זיך ארום מיט א פלאן ארויסטרייבען די יעזואיטען פון דייטשלאנד און זיי האבען געוואלט פערטהיידיגען די גוטע, אונשולדיגע יעזואיטען. ווי אזוי אבער פערטהיידיגט מען אזעלכע שעדליכע, געפעהר־ליכע מענשען? — מען האט ארויפגעווארפען די שולד אויף די אידען. ווען ניט די יעזואיטען פון אידען, וואלטען די קריסטליכע יעזואיטען געווען די בעסטע מענשען אין דער וועלט.

דער שריפטשטעלער און פראפעסאר היינריך פאן טראטשקע האט געשריעבען פריי און אפען:

„די יודען זיינען דאס אונגליק פון דייטשלאנד".

אין 1872 האט פירסט ביסמארק געענדערט זיין פאליטיק. ביז דא־מאלס האט ער זיך געשפיעלט אין ליבעראליזם ווי קינדער שפיעלען זיך אין פערדלעך, אין 1872 האט ער אראפגענומען די מאסקע פון זיין גע־זיכט און געוויעזען א גאנץ אנדער פיזאנאמיע, דאס שטרענגע געזיכט פון א דעספאט. ער האט אנגעהויבען מיט אידען, ווייל די אידישע מיטגליע־דער פון דעם דייטשען פארלאמענט זיינען געווען די הייסעסטע קעמפ־פער פון דעם ליבעראליזם, פון דעם פרינציפ פון פרייהייט און גלייכ־הייט. פירסט ביסמארק האט בעזאנדערס פיינד געהאט דעם גרויסען פערטהיידיגער פון אידען, עדוארד לאסקער.

מען קען זאגען, אז ביסמארק איז געווען דער פאטער פון מא־דערנעם אנטיסעמיטיזם. ביז 1878 האט ביסמארק נאך מורא געהאט ארויס־צוזאגען דאס נייע ווארט „אנטיסעמיטיזם". ער האט זיך נאך געשעהמט פאר דער וועלט. ערשט אין 1878, ווען עס איז בערופען געווארען דער קאנגרעס אין בערלין צו רעגולירען און צו שליעסען דעם פריעדען צווישען

רוסלאַנד און דער טירקיי. װען בערלין איז געװאָרען דער זאַמעל־פּלאַץ פון אַלע גראָסמעכטע און ביסמאַרק האָט געהאַט דאָס גרױסע װאָרט, האָט ער זיך געפּיהלט פאַר שטאַרק גענוג אַרױסצוטרעטען מיט זײן אַנ־טיסעמיטיזם און שױן דען 30טען יולי 1878 איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם אין נײשטעטין, פּרײסען.

באַלד איז אַרױסגעטרעטען דער האָף־פּרעדיגער אַדאָלף שטעקער מיט זײן קריסטליכען סאָציאַליזם און האָט אָנגעהױבען צו פּרעדיגען געגען אידען. „די יודען אין דײטשלאַנד קענען געדולדעט װערן נור אַלס פּער־קױפער פון אַלטע הױזען", האָט אַדאָלף שטעקער געזאָגט אין אַ רעדע אין קעניגסבערג. אַ צװײטער גײסטליכער, אַן אָנפּיהרער פון די קריסט־ליכע סאָציאַליסטען האָט געזאָגט אין מינכען אין 1880: „װען איהר װילט העלפען און רעטען אונזער לאַנדסמאַן, דעם דײטשען בױער, מאַכט אַ געזעץ, אַז מען זאָל אױפהענגען יעדען האַנדעלס־יודען".

אין 1884 האָט ביסמאַרק דורכגעפּיהרט אַ געזעץ, אַז מען זאָל אַרױסטרײבען פון פּרײסען אַלע פרעמדע אידען, טױזענדע רוסישע אידען װעלכע האָבען זיך בעזעצט אין קעניגסבערג, אין דאַנציג און אין אַלע אַנדערע גרענעץ־שטעדט פון פּרײסען, האָבען געמוזט איבערלאָזען זײערע געשעפטען און אױסװאַנדערן. דער גרעסטער טהײל פון זײ האָט אױס־געװאַנדערט נאָך אַמעריקאַ.

אין דעמזעלבען יאָהר איז עדואַרד לאַסקער געשטאָרבען. דער קאָנ־גרעס אין װאַשינגטאָן, אַמעריקאַ, האָט געפונען פאַר נעטהיג צו שיקען אַ טעלעגראַמע צום פּאַרלאַמענט אין בערלין און אױסצודריקען זײער מיט־געפיהל איבער דעם טױדט פון דיעזען גרױסען מאַן, װעלכער איז געװען בעקאַנט אין אַמעריקאַ, װײל ער האָט בעזוכט אײניגע מאָל אַמעריקאַ און האָט געזעהן, װי דער קאָנגרעס פיהרט זײנע געשעפטען. פירסט ביסמאַרק האָט ניט געלאָזען, אַז מען זאָל פאָרלעזען דיעזע טעלעגראַם אין דער אָפענער זיצונג פון דעם פּאַרלאַמענט.

דער אַנטיסעמיטיזמוס האָט זיך צואַװאַקסען אין דײטשלאַנד און האָט געבראַכט די טרױעריגסטע פריכטע. קײזער װילהעלם דער ערשטער איז פון דער נאַטור געװען קײן יודענפײנד, אָבער ער איז געװען אַלט און שװאַך, און ער האָט געטהאָן אַלעס, װאָס פירסט ביסמאַרק האָט פערלאַנגט.

ווען קייזער ווילהעלם דער צווייטער איז ארויף אויף דעם דייטשען טראהן אין 1889, האבען די אנטיסעמיטען זיך דערפרעהט. זיי האבען גערעכענט, אז דער יונגער קייזער, וועט זיין נור א שפיעלצייג אין די הענד פון פירסט ביסמארק, און אזוי איז עס אויך געווען א קורצע צייט. אין 1890 האט די אוניווערסיטעט פון האללע געוועהלט פראפעסאר יוליוס בערנשטיין, דעם זאהן פון אהרן בערנשטיין, אלס רעקטאר מאג־ניפיקוס, דאס איז זעהר א הויכער טיטול אין אן אוניווערסיטעט. ביס־מארק האט איינגערעדט דעם יונגען קייזער, ער זאל ניט בעשטעטיגען אזא הויכען טיטול פאר א אידען, און קייזער ווילהעלם דער צווייטער האט אויך ניט בעשטעטיגט דעם טיטול פאר פראפעסאר בערנשטיין. באלד אבער האט דער יונגער קייזער ענטזאגט פירסט ביסמארק פון זיין אמט אלס ערשטער מיניסטער.

דערמיט אבער האט זיך דער אנטיסעמיטיזם ניט געענדיגט. אין 1892 האט די „קרייץ־צייטונג” געפאדערט, אז די דייטשע רעגיערונג זאל אויף איהר רעכענונג לאזען איבערזעצען דעם תלמוד, דעם שלחן־ערוך און אלע אידישע געבעט־ביכער אויף דייטש, אום דאס דייטשע פאלק זאל וויסען, ווי אידען האבען פיינד דעם „גוי”.

דער אנטיסעמיטיזם אין דייטשלאנד איז נאך ניט גאנץ פערלאשען, עס ברענט נאך שטילערהייט אונטער דער אש, ער האט אבער פערלא־רען זיין פייער, זיין פלאם און מען קען ערווארטען, אז מיט דער צייט וועט ער אין גאנצען פערשווינדען.

---

# 11. אידען אין איטאליען און אין רומעניען

## פון 1848 ביז 1900.

איטאליען איז דאס ערשטע לאנד, וואו מען האט איינגעשלאסען די אידען אין בעזונדערע גאסען — דאס גהעטטא. אידען האבען זיך בע־זעצט אין איטאליען הונדערטע יאהרען, איידער יעזוס קריסטוס איז גע־בארען געווארען. מיר האבען די געשיכטע פון אידען אין איטאליען זייט 2075 יאהר. זעלטען אבער איז עס אידען געגאנגען גוט אין איטאליען.

זַייט דִי פֶעלְקֶער פוּן אִיטַאלְיֶען הָאבֶּען אָנְגֶענוּמֶען דָאס קְרִיסְטֶענְטְהוּם אוּן רוֹים אִיז גֶעוָוארֶען דִי הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט פוּן דֶעם פַּאפְּסְט, הָאט מֶען פֶערְפָּאלְגְט אוּן אוּנְטֶערְדְרִיקְט דִי אִידֶען מִיט קוֹים־בֶּעשְׁרַייבְּלִיכֶער אוּנְמֶענְשְׁלִיכְקַייט.

דִי אִיטַאלְיֶענִישֶׁע אִידֶען הָאבֶּען אוֹיפְגֶעאַטְהֶעמְט פְרַייעֶר אִין 1800, וָוען נַאפָּאלְעָאָן דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט בֶּעזִיעגְט דִי אִיטַאלְיֶענִישֶׁע פִירְסְטֶען אוּן הָאט גֶעגְרִינְדֶעט אַן אִיטַאלְיֶענִישֶׁע רֶעפּוּבְּלִיק אוּן שְׁפֶּעטֶער דָאס קֶענִיגְרַייךְ אִיטַאלְיֶען. לֵיידֶער הָאט דִיעזֶע פְרַייהַייט אִין אִיטַאלְיֶען גֶעדוֹיעֶרְט נִיט לַאנְג. אִין 1812 הָאבֶּען דִי פִירְסְטֶען פוּן אִיטַאלְיֶען ווִיעדֶער אָפְּגֶענוּמֶען זֵייעֶרֶע לֶענְדֶער אוּן הָאבֶּען ווִיעדֶער אַיינְגֶעפִיהְרְט דִי ווִילְדֶעסְטֶע טִירַאנֵיי אוּן דֶעם פִינְסְטֶערְסְטֶען פַאנַאטִיזְמוּס. דֶער פַּאפְּסְט הָאט ווִיעדֶער אָפְּגֶענוּמֶען זַיינֶע לֶענְדֶער אוּן הָאט גֶעהֶערְשְׁט אִיבֶּער זֵיי ווִי אַ דֶעסְפָּאט.

אִידֶען הָאבֶּען צְוַואר גֶעמֶעגְט וָואהנֶען אִין רוֹים, אָבֶּער נוּר אִין זֵייעֶר גֶהעטְטָא, אַ זֶעהר נִיעדֶערִיגֶע, זוּמְפִּיגֶע, אוּנגֶעזוּנְדֶע גֶעגֶענְד לֶעבֶּען דֶעם טַייךְ טִיבֶּער. דָאס גֶהעטְטָא אִיז גֶעוֶוען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט אַ שְׁטֵיינֶערְנֶע מוֹיעֶר אוּן מִיט אַייזֶערְנֶע טוֹיעֶרְן. וֶוען דִי זוּן פְלֶעגְט אוֹיפְגֶעהן, פְלֶעגֶען סָאלְדַאטֶען פוּן דֶעם פַּאפְּסְט׳ס אַרְמֶעע עֶפֶענֶען דִי טוֹיעֶרְן פוּן דֶער גֶהעטְטָא אוּן אִידֶען פְלֶעגֶען מֶעגֶען אַרוֹיסְגֶעהן אִין דִי גַאסֶען פוּן דֶער שְׁטָאדְט. זֵיי הָאבֶּען אָבֶּער גֶעמוּזְט צוּרִיקְקֶעהן אִין גֶהעטְטָא, וֶוען דִי זוּן פְלֶעגְט אוּנְטֶערְגֶעהן. פְלֶעגְט אַ אִיד זִיךְ פֶערְשְׁפֶּעטִיגֶען אוּן נִיט קוּמֶען צוּ דֶער צַייט, פְלֶעגְט מֶען אִיהם שְׁלָאגֶען, אַרֶעסְטִירֶען אוּן עֶר פְלֶעגְט צָאהלֶען אַ גֶעווִיסֶע שְׁטְרָאף.

אוֹיךְ אִין אַנְדֶערֶע גְרוֹיסֶע שְׁטֶעדְט אִין אִיטַאלְיֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען גֶהעטְטָאס, וֶועלְכֶע פְלֶעגֶען צְוַואר נִיט בֶּעוַואכְט וֶוערְן אַזוֹי שְׁטְרֶענְג, ווִי אִין רוֹים, אָבֶּער זֵיי זַיינֶען דָאךְ גֶעוֶוען גֶהעטְטָאס.

אַבִּיסֶעל בֶּעסֶער זַיינֶען אִידֶען בֶּעהַאנְדֶעלְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם קֶענִיגְרַייךְ סַארְדִינְיֶען, אַ גְרוֹיסֶע אִינְזֶעל, וֶועלְכֶע אִיז אַ טְהֵייל פוּן אִיטַאלְיֶען. אִין 1848 הָאט אוֹיסְגֶעבְּרָאכֶען אַ רֶעוָואלוּצְיָאן אִין סַארְדִינְיֶען אוּן קֶענִיג ווִיקְטָאר עֶמָנוּאֵל דֶער צְווֵייטֶער הָאט גֶעגֶעבֶּען זַיין פָאלְק אַ קָאנְסְטִיטוּצְיָאן. אִידֶען הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען גְלַייכֶע רֶעכְטֶע מִיט דִי אִיבֶּערִיגֶע בִּירְגֶער אִין 1852. קֶענִיג ווִיקְטָאר עִמָנוּאֵל אִיז אָבֶּער גֶעגַאנְגֶען וַוייטֶער, עֶר הָאט אָפְּגֶעשַׁאפְט דִי גַייסְטְלִיכֶע־גֶערִיכְטֶע. קֵיין גַייסְטְלִיכֶער, זָאגַאר אַ קַארְדִינַאל,

האט ניט געקענט דיענען אלס ריכטער. ער האט אויך אפגעשאפט די הערשאפט פון די מאנאסטירען איבער די געגענדען, וואו זיי האבען זיך געפונען. אידען זיינען געווארען גאנץ פרייע און גלייכבערעכטיגטע בירגער אין דעם קעניגרייך סארדיניען. אין אנדערע לענדער פון איטאליען, בעזאנדערס אין די לענדער, וועלכע האבען געהערט צום פאפסט, האבען נאך אידען געליטען די זעלבע פערפאלגונגען און ערניעדערונגען, ווי פריהער.

די שטאדט באלאניא האט געהערט צום פאפסט. דעם 23טען יוני 1858 אום 10 אוהר ביינאכט איז געקומען אן אפיציער מיט צעהן סאלדאטען פון דעם פאפסט ארמעע צו דעם אידען, יצחק מארטארא און האבען ביי איהם אוועקגענומען זיין זעקס־יעהריגען זוהן עדגאר. יצחק מארטארא האט גערעכענט, אז עס איז פארגעקומען עפעס א טעות. וואס קען מען האבען צו א זעקס־יעהריגעם קינד? — דעם אנדערן טאג איז ער געלאפען צום בישאף און האט געפאדערט זיין קינד, דער בישאף האט איהם ערקלעהרט, אז זיין קינד איז געטויפט. מיט דריי יאהר צוריק האט געדיענט ביי איהם א קריסטליכע פרוי מיט'ן נאמען אננא מאריזי. עדגאר איז קראנק געווארען און איהם צו רעטען זיין זעעלע האט אננא מאריזי איהם אוועקגעטראגען צו א קאטוילישען גייסטליכען און האט איהם געטויפט. ער איז אלזא א קריסט און דער פאפסט פיאוס דער נייינטער האט געהייסען איהם צונעהמען ביי זיין פאטער און איהם ברענגען נאך רוים, וואו ער וועט בעקומען א קריסטליכע ערציהונג.

יצחק מארטארא האט ניט געשוויעגען, ער האט זיך געווענדעט צו די גרעסטע מענער פון יענער צייט, אידען און ניט אידען. אין אלע ציוויליזירטע לענדער האט מען פראטעסטירט געגען דיעזען קינדער־רויב. קייזער נאפאלעאן דער דריטער האט געשיקט א בריעף צום פאפסט, ער זאל ארויסגעבען דאס קינד. אדאלף קרעמיע און מאזעס מאנטעפיארע זיינען געפאהרען נאך רוים, אבער פאפסט פיאוס דער נייינטער האט זאגאר ניט געוואלט זיי אויפנעהמען.

א יאהר שפעטער, אין 1859, איז אויסגעבראכען א קריעג צווישען סארדיניען און עסטערייך. קייזער נאפאלעאן דער דריטער האט געשיקט אן ארמעע צו העלפען סארדיניען און ער האט געזיעגט. סארדיניען האט בעקומען איינינע לענדער אין איטאליען און אויך די שטאדט באלאניא.

יָעצט הָאט יִצְחָק מָארטַארא זִיךְ גֶעוָוענְדֶעט צוּ קֶענִיג וִויקְטָאר עֶמַנוּאֵל דֶעם צְווֵייטֶען. לַיידֶער, אוֹיךְ דָאס הָאט נִיט גֶעהָאלְפֶען. דֶער פַּאפְּסְט אִיז גֶעוָוען הֶערְשֶׁער אִין זַיינֶע לֶענְדֶער און קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעקֶענְט אִיהם צְווִינְגֶען אַרוֹיסְצוּגֶעבֶּען דָאס גֶערוֹיבְּטֶע קִינְד.

אִין 1860 הָאט גַארִיבַּאלְדִי צְוַוואר אָפְּגֶענוּמֶען רוֹים און הָאט גֶעוָואלְט אַרוֹיסְטְרַייבֶּען דֶעם פַּאפְּסְט מִיט אַלֶע זַיינֶע הֵיילִיגֶע פוּן רוֹים, אָבֶּער עֶס אִיז אִיהם נִיט גֶעלוּנְגֶען. אִין 1861 אָבֶּער הָאט מֶען אִין נַאנְצֶען אָפְּגֶעשַׁאפְט דֶעם טִיטוּל פוּן קֶענִיגְרַייךְ סַארְדִינְיֶען און קֶענִיג וִויקְטָאר עֶמַנוּאֵל אִיז עֶרְקְלֶעהרְט גֶעוָוארֶען אַלְס קֶענִיג פוּן נַאנְץ אִיטַאלְיֶען, לַיידֶער, אוֹיסֶער דִי שְׁטָאדְט רוֹים מִיט דֶער גֶעגֶענְד אַרוּם און אוֹיסֶער דִי אַלְטֶע אִידִישֶׁע שְׁטָאדְט וֶוענֶעצְיַא. אִין דִיעזֶע צְווֵיי שְׁטֶעדְט, רִיכְטִיגֶער נָאךְ, אִין דִיעזֶע צְווֵיי פְּרָאווִינְצֶען, הָאט נָאךְ גֶעהֶערְשְׁט פַאנַאטִיזְמוּס און טִירַאנִיי. וֶוענֶעצְיַא הָאט צְוַואר גֶעהֶערְט צוּ עֶסְטֶערְרַייךְ, אָבֶּער דִי הֶערְשֶׁער פוּן עֶסְטֶערְרַייךְ הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט פֶערְצַייהֶען דִי אִידֶען פַאר זַייעֶר שְׁוֶוערֶע זִינְד, וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעקֶעמְפְּפְט פַאר פְרַייהַייט אוּנְטֶער גַארִיבַּאלְדִי.

עֶרְשְׁט אִין 1866, וֶוען עֶסְטֶערְרַייךְ הָאט גֶעלִיטֶען אַ נִיעדֶערְלַאגֶע אִין דֶעם קְרִיעג מִיט פְּרֵייסֶען, הָאט קֶענִיג וִויקְטָאר עֶמַנוּאֵל אָפְּגֶענוּמֶען וֶוענֶעצְיַא און הָאט גֶעגֶעבֶּען דִי אִידֶען פוּלֶע בִּירְגֶער־רֶעכְטֶע.

אִין 1870, וֶוען קֵייזֶער נַאפָּאלֶעאָן דֶער דְרִיטֶער אִיז גֶעפַאלֶען אַלְס גֶעפַאנְגֶענֶער אִין דִי הֶענְד פוּן דִי דַייטְשֶׁען, הָאט קֶענִיג וִויקְטָאר עֶמַנוּאֵל דֶער צְווֵייטֶער אָפְּגֶענוּמֶען רוֹים און הָאט זִי עֶרְקְלֶעהרְט אַלְס דִי הוֹיפְּט־שְׁטָאדְט פוּן אִיטַאלְיֶען. עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען צֶערְשְׁטֶערְן דִי שְׁטֵיינֶערְנֶע מוֹיעֶרְן פוּן דֶער גְהֶעטְטָא און הָאט עֶרְלוֹיבְּט אִידֶען וָואהנֶען אִין דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאדְט.

מֶען קֶען אַלְזָא רֶעכֶענֶען, אַז עֶרְשְׁט זַייט 1870 הָאבֶּען אַלֶע אִיטַאלְיֶענִישֶׁע אִידֶען בֶּעקוּמֶען פָאלְשְׁטֶענְדִיגֶע בִּירְגֶער־רֶעכְטֶע און אִידֶען הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט אִין אַלֶע צְווַייגֶען פוּן וִויסֶען און קֶענֶען. גֶענֶערַאל אַנְטָהָאלָאגְנִי אִיז גֶעוָוען אַ טִיכְטִיגֶער גֶענֶערַאל און קְרִיעגְס־מִינִיסְטֶער אוּנְטֶער קֶענִיג אוּמְבֶּערְטַא דֶער עֶרְשְׁטֶער. לוּאִידְזִשִׁי לוּצַאטִי אִיז גֶעוָוען עֶטְלִיכֶע מָאל פִינַאנְס־מִינִיסְטֶער. טְשֶׁעזַארֶע לַאמְבְּרָאזָא אִיז גֶעוָוען אַ וֶועלְט־בֶּערִיהמְטֶער גֶעלֶערְנְטֶער. פִיעלֶע אִידֶען זַיינֶען יֶעצְט מִינִיסְטָארֶען, הוֹיכֶע בֶּעאַמְטֶע, פְּרָאפֶעסָארֶען און גוּבֶּערְנַאטָארֶען פוּן פְּרָאווִינְצֶען.

אין דער לעצטער צייט איז דער בירגערמייסטער (נאראדסקאי גאלאוואא) פון רוים א איד מיט'ן נאמען ערנעסטא נאטהאן.

איטאליען איז יעצט א פרייעס לאנד. ווי ווילד און ווי שרעקליך עס איז געוועזן דער האס און די פעראכטונג געגען אידען מיט הונדערט יאהר צוריק, אזוי פריי און אזוי געשעצט און געאכטעט איז דער איד אין דער נייעסטער צייט. אין איטאליען האט מען ניט געוואוסט פון דעם דייטשען אנטיסעמיטיזם פון 1871 און מען וועט דערפון קיין מאל ניט וויסען.

אלס קאנטראסט, אלס דער געגענזאץ פון איטאליען איז דאס איצטיגע קעניגרייך רומעניען. ביז 1859 זיינען עס געוועזן צוויי פירסטענטהימער, מאלדאוויא און וואללאכיא, וועלכע זיינען געשטאנען אונטער דעם שוץ פון דער טירקיי. יעדעס פירסטענטהום האט געהאט אן אייגענעם האספאדאר אדער פירסט, וועלכער פלעגט געוועהלט ווערן פון די באיארען (פריצים) אבער ער האט געמוזט בעשטעטיגט ווערן פון דעם טירקישען סולטאן. אידען האבען זיך בעזעצט אין דיעזע פירסטענטהימער, זייט דיעזע לענדער האבען געהערט צו רוים. אין שפעטערע צייטען האבען פיעלע אידען פון גאליציען, פון בוקאווינא און זאגאר פון רוסלאנד זיך בעזעצט אין דער מאלדאוויא און וואללאכיא.

אין 1859 האבען זיך ביידע פירסטענטהימער פעראייניגט און האבען געוועהלט פירסט אלעקסאנדער יאן קוזא אלס זייער פירסט. אלעקסאנדער יאן קוזא איז געוועזן א ליבעראלער מאן, ער האט אין 1862 אפגעשאפט די פאנשטשינא אדער אז די בויערן זיינען שקלאפען פון די באיארען און ער האט געוואלט איינפיהרען א קאנסטיטוציאן, ווי אין פראנקרייך און אז דאס פאלק זאל וועהלען זיין פירסט, ניט די באיארען. פערטרעטער פון דעם פאלק זאלען מאכען געזעצע, ניט די רייכע, די אייגענטהימער פון גרויסע שטרעקען לאנד. אום זיך צופערשאפען א מאכט, האט ער געמוזט בילדען אן ארמעע און דערצו האט איהם אויסגעפעהלט געלד. ער האט זיך געווענדעט צו די אידען און צו די ארמעניער, די האנדעלס־לייט פון רומעניען, און האט פערלאנגט פון זיי 40,000 גאלבאני (אונגעפעהר 180,000 רובל) די ארמעניער האבען איינגעווילינגט צו געבען זייער טהייל, די אידען האבען אנגעהויבען צו טראכטען און צו קלערן, וואו מען זאל נעהמען דאס געלד. אונטערדעסען האבען די באיארען

אויך ניט געשוויעגען. דען 23טען פעברואר 1866 האבען זיי געצוואונגען פירסט אלעקסאנדער יאן קוזא ער זאל רעזיגנירען און זיי האבען איהם מיט זיין פרוי ארויסגעשיקט פון רומעניען.

דען 20טען אפריל 1866 האבען זיי געוועהלט פרינץ קארל פאן האהענצאללערן, די פאמיליע פון די פרייסישע קעניגע אלס זייער פירסט.

אין יוני 1866 איז פרינץ קארל געקומען נאך רומעניען און דאס ערשטע, וואס ער האט געזעהן אין זיין נייער הויפטשטאדט, בוקארעסט, איז געוועזען א פאגראם אויף אידען. די גרויסע און שעהנע שוהל אין בוקארעסט איז האלב צערשטערט געווארען. מען האט ארויסגענומען די ספרי־תורות, זיי צוריסען און געשענדעט. פיעלע אידען זיינען פערוואונ־דעט, פערקריפעלט און בערויבט געווארען. דער יונגער פרינץ האט נאר נישט געקענט העלפען. ער איז געוועזען יונג, אונערפאהרען, א שפיעל־באלל אין די הענד פון די באיארען.

פירסט אלעקסאנדער יאן קוזא האט אויסגעארבייטעט א קאנסטי־טוציאן, דער זעקסטער פונקט פון וועלכען האט געלויטעט: „רעליגיאן קען ניט בעטראכט ווערן אלס א הינדערניס צו ווערן א בירגער אין רומעניען". דיעזען פונקט האט מען איבערגעענדערט אזוי: „נור פרעמדע פון דעם קריסטליכען גלויבען קענען בעקומען אין רומעניען דאס בירגער־רעכט".

די אידען פון רומעניען האבען פראטעסטירט, דאס האט זיי אבער ווענין געהאלפען. מען האט באלד ערקלערט אלע רומענישע אידען אלס פרעמדע, אלס אויסלענדער, און מען האט אנגעהויבען צו בעשרענקען זייערע רעכטע.

אלס ערשטער מיניסטער פון רומעניען איז געווארען יאהאן בראט־יאנו, וועלכער האט אויסגעזוכט אין די ארכיווען אלע אלטע געזעצע געגען אידען און האט זיי דורכגעפיהרט מיט אלע מעגליכע שטרענגע מיטלען און ברוטאליטעט. מען האט אנגעהויבען צו טרייבען אידען פון די דערפער. מען האט געכאפט אידען אין די שטעדט אהן פאספארטען און זיי ארויסגעשיקט פון רומעניען. אין גאלאץ האט מען עטליכע טירי־קישע אידען, וועלכע האבען קיין פאספארטען געהאט ארייננעטריעבען אין די דאנוי און זיי געלאזען דערטרונקען ווערן.

אדאלף קרעמיע און מאזעס מאנטעפיארע זיינען געקומען נאך

רוּמֶענִיֶען מִיט בְּרִיעף אוּן רֶעקָאמֶענְדַאצְיָאנֶען פוּן קֵייזֶער נַאפָּאלֶעאָן אוּן פוּן דֶער קֶענִיגִין וִויקְטָארִיאַ אוּן הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען פַאר אִידֶען. מֶען הָאט זֵיי אוֹיפְגֶענוּמֶען רֶעכְט פְרֵיינְדְלִיךְ אוּן מֶען הָאט זֵיי צוּגֶעזָאגְט, אַז מֶען וֶועט בֶּעהַאנְדְלֶען דִי אִידֶען פִיעל בֶּעסֶער, אָבֶּער קוֹים זַיינֶען זֵיי אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען, הָאט מֶען אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען נַייעֶ וִוילְדֶע, אוּנְמֶענְשְׁלִיכֶע בֶּע־פֶעהְלֶע גֶעגֶען אִידֶען.

אִין 1869 הָאט מֶען אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל אַז אִין דֶער שְׁטָאדְט, וְואוּ אַ רוּמֶענְיֶער הָאט אַן אַפְּטֵייק, טָאר אַ אִיד נִיט עֶפֶענֶען אַן אַפְּטֵייק, זָאנַאר אַ אִיד, וֶועלְכֶער הָאט זַיין דִיפְּלָאם אוֹיף אַפְּטֵייקֶער פוּן רוּמֶענְיֶען. מֶען הָאט פֶערְבָּאטֶען אִידֶען צוּ הַאנְדְלֶען מִיט טַאבַּאק, מִיט שְׁנַאפְּס אוּן מִיט וַויין.

אִין דֶעם קְרִיעג גֶעגֶען דֶער טִירְקַיי 1876 — 1877 הָאבֶּען 833 אִידֶען גֶעדִיענְט אִין דֶער רוּמֶענִישֶׁער אַרְמֶעעֶ אוּן פִיעלֶע הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט מִיט זֵייעֶר מוּטְה אוּן טַאפְּפֶערְקַייט. אִין 1878 אוֹיף דֶעם קָאנְגְרֶעס אִין בֶּערְלִין, וֶועלְכֶער אִיז בֶּערוּפֶען גֶעוָוארֶען אוּם צוּ שְׁלִיעסֶען פְרִיעדֶען מִיט דֶער טִירְקַיי אוּן צוּ רֶעגוּלִירֶען דִי פָּאלִיטִישֶׁע לַאגֶע אִין דִי לֶענְדֶער בַּיי דֶעם טַייךְ דָאנוֹי, הָאט לָארְד בִּיקָאנְסְפִיעלְד גֶעפָאדֶערְט אוּן עֶס אוֹיךְ דוּרְכְגֶעפִיהְרְט, אַז רוּמֶענְיֶען זָאל זַיין אַ פְרַייעֶס, זֶעלְבְּסְטְשְׁטֶענְדִיגֶעס קֶענִיגְ־טְהוּם מִיט דֶער בֶּעדִינְגוּנְג, אַז אִידֶען זָאלֶען דָארְט הָאבֶּען פוּלֶע בִּירְגֶער־רֶעכְטֶע. דִי רוּמֶענִישֶׁע דִיפְּלָאמַאטֶען הָאבֶּען אָנְגֶענוּמֶען דִיעזֶע בֶּעדִינְגוּנְג אוּן זִי אִיז בֶּעשְׁטֶעטִיגְט גֶעוָוארֶען פוּן דִי גְרוֹיסְמֶעכְטֶע, קוֹים אָבֶּער אִיז מֶען זִיךְ צוּפָאהְרֶען פוּן קָאנְגְרֶעס, הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ אוּנְטֶערְדְרִיקֶען דִי אִידֶען אִין רוּמֶענְיֶען פִיעל עֶרְגֶער וִוי פְרִיהֶער.

מֶען הָאט צוּגֶענוּמֶען בַּיי אִידֶען דָאס רֶעכְט צוּ לֶערְנֶען אוּן זִיךְ צוּ בִּילְדֶען. דִי רֶעגִיערוּנְג הָאט אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל, אַז אִין אַלֶע פָאלְקְס־שׁוּהְלֶען אוּן אִין אַלֶע רֶעגִיערוּנְגְס־שׁוּהְלֶען זָאל מֶען אוֹיפְנֶעהְמֶען צוּעֶרְשְׁט קְרִיסְטֶען, וֶוען עֶס וֶועט בְּלַייבֶּען גֶענוּג פְּלַאץ, זָאל מֶען אוֹיפְ־נֶעהְמֶען אוֹיךְ אִידֶען. דִי פָאלְגֶע דֶערְפוּן אִיז גֶעוֶועזֶען, וָואס מֶען הָאט קַיין אִידֶען נִיט אוֹיפְגֶענוּמֶען אִין אַ שׁוּהְלֶע אוּים מַאנְגֶעל אִין פְּלַאץ.

אוּם צוּ וֶוערְן אַ רוּמֶענִישֶׁער בִּירְגֶער, הָאט מֶען גֶעמוּזְט הָאבֶּען אַ בֶּעוִוילִיגוּנְג אוּן בֶּעשְׁטֶעטִיגוּנְג פוּן פַארְלַאמֶענְט.

וֶוען אַ אִיד, וֶועלְכֶער אִיז קַיין רוּמֶענִישֶׁער בִּירְגֶער, הָאט גֶעוָואלְט

אַוֶועקְפָּאהרֶען פוּן אֵיין שְׁטָאדְט אִין דִי אַנְדֶערֶע, הָאט עֶר גֶעמוּזְט הָאבֶּען אַן עֶרְלוֹיבְּנִים פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג. אִידִישֶׁע דָאקְטוֹירִים, אִידִישֶׁע אַדְוָואקַאטֶען אוּן אִידִישֶׁע אַפְּטֵייקֶער, וֶועלְכֶע זַיינֶען קֵיינֶע רוּמֶענִישֶׁע בִּירְגֶער, הָאבֶּען קַיין רֶעכְט צוּ פְּרַאקְטִיצִירֶען אִין רוּמֶענְיֶען.

דֶער אִידִישֶׁער גֶעלֶעהרְטֶער דר. גַאסְטֶער, רַב פוּן דֶער פָּארְטוּגֶעזִישֶׁער גֶעמֵיינְדֶע אִין בּוּקַארֶעסְט אוּן דר. שְׁוַוארְצְפֶעלְד, רַאבִּינֶער אִין יַאסִּי הָאבֶּען פְּרָאטֶעסְטִירְט גֶעגֶען דִיעזֶע אוּנְמֶענְשְׁלִיכֶע גֶעזֶעצֶע. אִין 1881 הָאט דִי רֶעגִירוּנְג זֵיי אַרוֹיסְגֶעטְרִיעבֶּען פוּן רוּמֶענְיֶען, וַוייל זֵיי זֵיי זַיינֶען קֵיינֶע רוּמֶענִישֶׁע בִּירְגֶער. אִין דֶעמְזֶעלְבֶּען יָאהר הָאט מֶען אַרוֹיסְגֶעטְרִיעבֶּען פִיעלֶע אִידִישֶׁע רַאבִּינֶער, זְשׁוּרְנַאלִיסְטֶען, קִינְסְטְלֶער אוּן גֶעלֶערְנְטֶע נוּר דַארוּם, וַוייל זֵיי זַיינֶען קֵיינֶע רוּמֶענִישֶׁע בִּירְגֶער.

דִי אִידֶען פוּן רוּמֶענְיֶען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסְצוּוואַנְדֶערְן, דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטְרָאם הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעגָאסֶען נָאךְ אַמֶערִיקַא, אַ קְלֵיינֶער שְׁטְרָאם הָאט זִיךְ גֶערִיכְטֶעט נָאךְ פַּאלֶעסְטִינַא.

דִי לַאגֶע פוּן אִידֶען אִין רוּמֶענְיֶען הָאט זִיךְ זַייט דַאמָאלְס וֶוענִיג גֶעעֶנְדֶערְט. וִוי עֶס וַוייזְט אוֹיס, אִיז קֶענִיג קַארְל אוֹיךְ גֶעגֶען אִידֶען, אוּן עֶס אִיז שְׁוֶוער צוּ עֶרְוַוארְטֶען פַאר אִידֶען בֶּעסֶערֶע צַייטֶען אִין רוּמֶענְיֶען.

---

## 12. טְהֶעאָדָאר הֶערְצְל אוּן דֶער פָּאלִיטִישֶׁער צִיוֹנִיזְם.

דִי פָּאגְרָאמֶען, פֶערְפָאלְגוּנְגֶען, עֶרְנִידֶערוּנְגֶען, בֶּעלֵיידִיגוּנְגֶען אוּן פֶערַאכְטוּנְג, וֶועלְכֶע אִידֶען הָאבֶּען גֶעלִיטֶען אִין דֶעם לֶעצְטֶען פִיעְרְטֶעל פוּן דֶעם 19טֶען יָאהרְהוּנְדֶערְט, הָאט אַרוֹיסְגֶערוּפֶען בַּיי זֵיי אַ זָאנְדֶערְבַּארֶעם נַאצְיָאנַאל־גֶעפִיהל, אַ גֶעפִיהל פוּן אֵיינֶעגֶע וִוירְדֶע, אַ גֶעפִיהל פוּן זֶעלְבְּסְט־הִילְף, אַ גֶעפִיהל פוּן פֶערְאֵיינִיגוּנְג, אַ גֶעפִיהל פוּן שְׁטְרֶעבֶּען אוּן פֶערְלַאנְגֶען זֶעלְבְּסְטְשְׁטֶענְדִיגְקֵייט.

אִידֶען הָאבֶּען גֶעלִיטֶען עֶרְגֶערֶע, שֶׁרֶעקְלִיכֶערֶע פֶערְפָאלְגוּנְגֶען אוּן אוּנְטֶערְדְרִיקוּנְגֶען אִין פֶערְשִׁיעדֶענֶע צַייטֶען. אִין דִי צַייטֶען פוּן דִי קְרֵייצְצִיגֶע אִין דֶעם 11טֶען, 12טֶען אוּן 13טֶען יָאהרְהוּנְדֶערְט. אִין עֶנְגְלַאנְד, אִין פְרַאנְקְרֵייךְ אוּן שְׁפַּאנְיֶען אִין דֶעם 13טֶען, 14טֶען אוּן 15טֶען יָאהרְהוּנְדֶערְט. אִין דִי סְלַאווִישֶׁע לֶענְדֶער אִין דֶעם 14טֶען אוּן 18טֶען יָאהרְהוּנְדֶערְט, אִין

חַסֶיעלְנִיצְקִים און נָאנְטַא'ס צַייטֶען. זֵיי הָאבֶּען גֶעלִיטֶען און גֶעשְׁוִויעגֶען. זֵיי הָאבֶּען גֶעלִיטֶען און עֶס אָנְגֶענוּמֶען זֵייעֶרֶע לֵיידֶען און שְׁמֶערְצֶען אַלְס שְׁטְרַאפֶע פוּן גָאט פַאר זֵייעֶרֶע זִינְד און פַאר דִי זִינְד פוּן זֵייעָרֶע עֶלְטֶערְן. זֵיי הָאבֶּען גֶעלִיטֶען און הָאבֶּען זִיךְ מֶעהר אַיינְגֶעשְׁלָאסֶען אִין זֵייעֶר מַאטֶערְיֶעלֶעם נְהֶעטְטָא מִיט זַיינֶע שְׁטֵיינֶערְנֶע מוֹיעֶרְן און אַייזֶערְנֶע טוֹיעֶרְן, און אִין זֵייעֶר נַייסְטִינֶעם גְהֶעטְטָא: שְׁטוּדִירֶען דִי גְמָרָא, זִיךְ פֶערְטִיעפֶען אִין דִי סוֹדוֹת פוּן דֶעם זוֹהַר און הָאפֶען אוֹיף אוּנְמֶעגְלִיכֶע וואוּנְדֶער.

„מִיר זַיינֶען אִין גָלוּת, מִיר קֶענֶען זִיךְ נִיט הֶעלְפֶען, מִיר מוּזֶען עֶרְוַוארְטֶען אַ וואוּנְדֶער פוּן גָאט, אַ מָשִׁיחַ, אַן עֶרְלֶעזֶער, וֶועלְכֶער זָאל אַרָאפְּקוּמֶען פוּן דִי וָואלְקֶען", אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס מָאטְטָא, דֶער פֶעסְטֶער גְלוֹיבֶּען פוּן דֶעם אִידֶען. עֶר הָאט גֶעלֶעבְּט אִין זַיין וֶועלְט פוּן פַאנְטַאזְיֶע און הָאפְנוּנְג און אִיז גֶעוֶועזֶען גְלִיקְלִיךְ, ווִי דֶער חָארִים אִין חָרֵיין. עֶס אִיז בִּיטֶער, עֶס אִיז פִינְסְטֶער, אָבֶּער עֶס קֶען אַנְדֶערְשׁ נִיט זַיין און „נַם זוּ לְטוֹבָה".

מָאזֶעס מֶענְדֶעלְסָזאהן מִיט זַיין שׁוּהלֶע פוּן אַיין זַייט הָאט אוֹיפְגֶעטְרֵייסֶעלְט, אוֹיפְגֶעוֶועקְט דֶעם שְׁלֶעפֶער און טְרוֹימֶער און הָאט גֶעזָאנְט צוּ אִיהם: „מִיט שְׁלָאפֶען און טְרוֹימֶען און וַוארְטֶען און הָאפֶען וֶועסְט דוּ נָאר נִיט מַאכֶען. גֶעה אַרוֹיס פוּן דַיין נַייסְטִיגֶעם נְהֶעטְטָא, זֶעה, ווִי אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער לֶעבֶּען און לֶעב ווִי זֵיי. לֶערְן, פָארְשׁ, שְׁטוּדִיר, וַוייז אַרוֹים דַיינֶע פֶעהִינְקַייטֶען אִין אַנְדֶערֶע צְווַיינֶען פוּן ווִיסֶען און קֶענֶען, און דִי פֶעלְקֶער וֶועלֶען דִיךְ אַכְטֶען און רֶעסְפֶּעקְטִירֶען".

אִידֶען הָאבֶּען גֶעהֶערְט דִיעזֶען אוֹיפְרוּף און הָאבֶּען אִיהם אוֹיךְ גֶעפָאלְגְט. דִי הַשְׂכָּלָה אָדֶער דִי אוֹיפְקְלֶעהרוּנְג הָאט זִיךְ פֶערְבְּרֵייטֶעט און הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט דִי טְרוֹימֶער פוּן דֶער לִיטָא, דִי שְׁלֶעפֶער פוּן נַאלִיצְיֶען און דִי חֲסִידִים פוּן פּוֹילֶען.

פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ וֶועהֶען אַ וַוארִימֶער ווִינְד פוּן פְרַאנְקְרֵייךְ, וֶועלְכֶער הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט אַלֶע פֶעלְקֶער און הָאט זֵיי אוֹיפְגֶעמוּנְטֶערְט, אוֹיפְגֶעקְלֶעהרְט און גֶעלֶערְנְט צוּ פָארְדֶערְן זֵייעֶרֶע מֶענְשֶׁען־רֶעכְטֶע. דִי פְרַאנְצוֹיזִישֶׁע רֶעוָואלוּצְיָאן, דִי קְרִיעג וֶועלְכֶע נַאפָּאלֶעאָן דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט גֶעפִיהרְט און דִי בֶּעפְרַייאוּנְג פוּן אַמֶערִיקָא פוּן דֶעם עֶנְגְלִישֶׁען און שְׁפַּאנִישֶׁען יָאךְ, הָאבֶּען אוֹיפְגֶעוֶועקְט אַלֶע פֶעלְקֶער און זֵיי גֶעלֶערְנְט צוּ פָארְדֶערְן פְרֵייהַייט, גְלַייכְהַייט און בְּרִידֶערְלִיכְקַייט.

פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט! איז געוועזען דאס מאטטא, דאס שטרעבען און דאס האפען פון די אייראפעאישע פעלקער אין דער ערשטער העלפט פון דעם 19טען יאהרהונדערט, פון דער רעוואלוציאן פון 1848, פון דעם „משוגענעם יאהר“, האבען זיך די געפיהלע, אנשויאונגען, שטרעבונגען און האפנונגען פון די ציוויליזירטע פעלקער מיט אמאל געענדערט, אויסגעדרעהט, גענומען א גאנץ אנדערע ריכטונגען, אריינגעפאהרען אין א זייטען־וועג, אויף אן ענגען, שמאלען פערדרעשטען און פערקרימטען וואלד־וועג — נאציאנאליזמוס. אלע, וועלכע געהערען צו איין נאציאנאליטעט, זאלען זיך פעראייניגען. אלע, וועלכע רעדען איין שפראכע, אלע, וועלכע האבען דיעזעלבע טראדיציאנען, זאלען זיך געבען די הענד און זאלען אוועקשטויסען, דערווייטערן פון זיך, יעדען פרעמדען, יעדען וועלכער פיהלט ניט ווי זיי און דענקט ניט ווי זיי.

די איטאליענישע פעלקער האבען זיך פעראייניגט אין 1862. די דייטשען האבען זיך פעראייניגט אין 1870. די באלקאן־פעלקער האבען זיך פעראייניגט אין 1876. נור דאס אידישע פאלק איז געבליעבען אליין, אבגעזונדערט, אויסגעשלאסען, פערהאסט אלס פרעמדע, פעראכטעט אלס אנדערש־גלויביגע. דער וויסענשאפטליכער, איבערלעגטער, גוט־בערעכענטער אנטיסעמיטיזם האט זיך צובערענט, ווי א וואלד־פייער, און האט געטראפען אידען אין אלע לענדער און צווישען אלע פעלקער. קיין מאל אין זייער לאנגער ליידענס־געשיכטע פון טויזענדער יאהרען, האבען אידען ניט געפיהלט אזוי שטארק די הערצרייסענד־קלאגע פון דעם נביא „שה פזורה, ישראל“. ישראל איז א צוזעעטע און צושפרייטע הערדע (סטאדא), ווער עס וויל גור, ווער עס קען נור, דער רויבט, מארדעט, שטיקט און דריקט דיעזע אונגליקליכע, הערצלאזע הערדע.

ניטוויללענדיג האט זיך אויך ביי אידען אויפגעחאפט דיעזער נאציאנאל־געפיהל. ניטוויללענדיג האט זיך ביי דעם ציוויליזירטען, אויפגעקלעהרטען, פיהלענדען און דענקענדען אידען ארויסגערופען דאס הערצענס־געשריי: „אויך מיר זיינען א פאלק! אויך מיר האבען א לאנד! אונזער לאנד איז ציון!

עס האבען זיך געגרינדעט אין אלע גרויסע שטעדט חברות מיט'ן נאמען „חובבי ציון“, פעראיינען מיט דעם נאמען „בילו“, דאס הייסט, בית יעקב, לכו ונלכה, לאמיר געהן, לאמיר אויסוואנדערן צוריק א היים,

צוּרִיק נָאךְ אוּנְזֶער אַלְטֶער פַאטֶערְלַאנְד. דִי רוּמֶענִיֶער זַיינֶען גֶעוָוארֶען אַ פָאלְק, דִי סֶערְבֶּען זַיינֶען גֶעוָוארֶען אַ פָאלְק, דִי בּוּלְגַארֶען זַיינֶען גֶעוָוארֶען אַ פָאלְק, נוּר מִיר, דָאס עֶלְטְסְטֶע פָאלְק פוּן דֶער וֶועלְטְגֶעשִׁיכְטֶע, זַיינֶען צוּזֶעעֶט אוּן צוּשְׁפְּרֵייט, פֶערְפָאלְגְט אוּן פֶערְאַכְטֶעט, וַוייל מִיר הָאבֶּען פֶערְלָארֶען אוּנְזֶער נַאצְיָאנַאל־גֶעפִיהל.

עֶס הָאט אָבֶּער גֶעפֶעהלְט דֶער אָנְפִירֶער, דֶער וֶועג־וַוייזֶער, דֶער מַאן, וֶועלְכֶער זָאל אוֹיסְדְרִיקֶען דִיעֶזֶעס גֶעפִיהל אִין אַ פַּאסֶענְדֶער, אֵייראָפֶּעאִישׁ־פָּאלִיטִישֶׁער פָאְרם, אוּן דִיעֶזֶער מַאן הָאט זִיךְ עֶנְדְלִיךְ גֶעפוּנֶען, זַיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶוען טֶעאָדָאר הֶערְצֶל.

טְהֶעאָדָאר הֶערְצְל אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִין בּוּדַאפֶּעסְט, אוּנְגַארְן, דֶען 2טֶען מַאי 1860. זַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען זִיךְ אַ קוּרְצֶע צַייט שְׁפֶּעטֶער בֶּעזֶעצְט אִין וִויעְן אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעגֶעבֶּען אַ גוּטֶע וֶועלְטְלִיכֶע עֶרְצִיהוּנְג. עֶר הָאט נִיט גֶעלֶערְנְט אִין אִידִישֶׁע שׁוּהלֶען זַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען גֶעוָואלְט, עֶר זָאל שְׁטוּדִירֶען יוּרִי אוּן הָאבֶּען אִיהם גֶעלָאזֶען לֶערְנֶען אִין אַ גִימְנַאזְיוּם אוּן שְׁפֶּעטֶער אִין דֶער אוּנִיוֶוערְסִיטֶעט פוּן וִויעְן. עֶר הָאט אוֹיסְשְׁטוּדִירְט אוֹיף אַדְוָואקַאט, עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער וֶועניג בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט דֶער אַדְוָואקַאטֶען־פְּרַאקְסִיס. עֶר הָאט זִיךְ מֶעהר בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט לִיטֶערַאטוּר אוּן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁרַייבֶּען פַאר דַייטְשֶׁע צַייטוּנְגֶען. אָנְפַאנְגְס אִיז עֶר גֶעוֶוען דֶער פֶעלְיֶעטָאן־שְׁרַייבֶּער פוּן „דִי וִויעְנֶער נַייעֶ פְרַייעֶ פְּרֶעססֶע“.

אַלְס סְטוּדֶענְט, אַלְס אַדְוָואקַאט אוּן אַלְס צַייטוּנְגְס־מַאן, הָאט עֶר אַם טִיעפְסְטֶען גֶעפִיהלְט דִי בֶּעלֵיידִיגוּנְגֶען, פֶערְאַכְטוּנְג אוּן קְרֶענְקוּנְגֶען פוּן עֶסְטֶערְרַייכִישֶׁען אַנְטִיסֶעמִיטִיזְם. אוֹיף שְׁרִיט אוּן טְרִיט הָאט מֶען אִיהם גֶעקְרֶענְקְט אוּן בֶּעלֵיידִיגְט נוּר דַארוּם, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ אִיד. אַלְס צַייטוּנְגְס־מַאן הָאט עֶר אַם בֶּעסְטֶען פֶערְשְׁטַאנֶען דִי נַאצְיָאנַאלִיסְטִישֶׁע בֶּעוֶועגוּנְג בַּיי דִי פֶעלְקֶער פוּן עֶסְטֶערְרַייךְ־אוּנְגַארְן. עֶר הָאט גֶעזֶעהְן, ווִי יֶעדֶעס פָאלְק בֶּעזוּנְדֶער שְׁטְרֶעבְּט זִיךְ צוּ פֶערְאֵיינִיגֶען אוּן צוּ פֶערְשְׁטַארְקֶען זַיין נַאצְיָאנַאל־גֶעפִיהל, נוּר אִידֶען בְּלַייבֶּען אַ שֶׂה פְּזוּרָה. דִי גֶעבִּילְדֶעטֶע אִידֶען אַסִימִילִירֶען זִיךְ מִיט דִי אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער אוּן בַּיי דֶער עֶרְשְׁטֶער בֶּעסְטֶער גֶעלֶעגֶענְהַייט רַייסֶען זֵיי זִיךְ אָפּ פוּן זֵייעֶר פָאלְק. דִי אָרְטְהָאדָאקְסִישֶׁע אִידֶען דַאגֶעגֶען צִיהֶען זִיךְ צוּרִיק אִין זֵייעֶר גַייסְטִיגֶעם גֶעטְטָא, לֵיידֶען שְׁטִילֶערְהַייט אוּן הָאפֶען אוֹיף אַ מָשִׁיחַ, וֶועלְכֶער

זאָל אַראָפּקומען פון די וואָלקען. ניטוויליענדיג האָט ער זיך אַליין גע־פרעגט, פאַר וואָס זאָלען אידען אויך ניט שטרעבען זיך צו פעראיינינגען און אַרויסצואווייזען זייער נאַציאָנאַליטעט?

ער האָט געוואוסט פון די חובבי ציון פעראיינינגונגען אין רוסלאַנד און רומעניען, ער האָט אָבער אויך גאַנץ גוט פערשטאַנען, אַז „איינער איז ניט קיינער" און אַ חובבי ציון פעראיין קען ביים בעסטען ווילען אויפטהון זעהר ווענינ. מיט אַוועקשיקען עטליכע פאַמיליען נאָך פּאַלעס־טינאַ וועט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק וועניג געהאָלפען ווערען.

אין זומער 1895 איז הערצל געווען אין פּאַריז. דער דרייפוס פּראָ־צעס האָט דאַמאָלס אויפגעקאָכט די ציוויליזירטע וועלט און די פראַנ־צויזישע אַנטיסעמיטישע צייטונגען האָבען געשאָטען שוועבעל און פעך אויף אַלע אידען אין אַלע לענדער.

טהעאָדאָר הערצל האָט דאַן אָנגעשריבען זיין בוך „דער יודענ־שטאַאט", אין וועלכען ער האָט אויסגעאַרבייטעט זיין פּראָגראַם, ווי אַזוי די אידען פון אַלע לענדער קענען זיך פעראייניגען און בעקומען אַ פּאָ־ליטישע זעלבסטשטענדיגקייט אין פּאַלעסטינאַ.

אָנשרייבען אַ בוך און עס פערברייטען אין דער וועלט איז אָבער נאָך ניט גענוג. מען מוז אויך צונויפרופען די אידען און זיי ערקלערען דעם פּלאַן און זיי אויפפאָדערן, זיי זאָלען מיטהעלפען, מיטווירקען אַרויס־צורופען ביים אידישען פאָלק דאָס נאַציאָנאַל־געפיהל. טהעאָדאָר הערצל האָט דאַרום בעשלאָסען צו בערופען אַ קאָנגרעס פון פאָרשטעהער פון דעם אידישען פאָלק. זיין ערשטע אידעע איז געווען צו בערופען אַ קאָנ־גרעס אין מינכען, בייערן, אין 1896. ווען ער האָט פאָרגעלעגט זיין פּלאַן פאַר די אידען פון מינכען, האָבען זיי געפונען, אַז דאָס קען נאָך מעהר אויפרייצען די דייטשע אַנטיסעמיטען. זיי ווילען זאָגען: „מיר האָבען עס שטענדיג געזאָגט, אַז אידען זיינען פרעמדע אין דייטשלאַנד, זייער פאַטערלאַנד איז ציון".

טהעאָדאָר הערצל האָט דאַרום בערופען זיין ערשטען קאָנגרעס אין באַזעל, שווייץ. דער קאָנגרעס האָט שטאַטגעפונען אַם 29טען, 30טען און 31טען אויגוסט 1897 אין באַזעל. דער פאָרזיצענדער פון דיעזען קאָנגרעס איז געווען דאָקטאָר קאַרפּעל ליפּע פון יאַסי, רומעניען. אויף דיעזען קאָנגרעס האָט מען אויסגעאַרבייטעט דאָס זאָגענאַנטע „באַזעלער פּראָגראַם"

אָדער דֶעם פָּאלִיטִישֶׁען צִיוֹנִיזְמוּס. „דֶער צִיוֹנִיזְם שְׁטְרֶעבְּט צוּ גְרִינְדֶען פַאר אִידֶען אַ רֶעכְטְלִיךְ־גֶעזֶעצְלִיכֶע הֵיימַאסְטֶה אִין פַּאלֶעסְטִינַא". טְהֶעאָדָאר הֶערְצְל אִיז אַיינְשְׁטִימִיג גֶעוָועהְלְט גֶעוָוארֶען אַלְס פְּרֶעזִידֶענְט פוּן דִי צִיוֹנִיסְטֶען.

דֶער צְוַוייטֶער צִיוֹנִיסְטֶען־קָאנְגְרֶעס הָאט וִויעדֶער שְׁטַאטְגֶעפוּנֶען אִין בַּאזֶעל עֶנְדֶע אוֹיגוּסְט 1899, אוֹיף דִיעזֶען קָאנְגְרֶעס הָאט מֶען גֶעגְרִינְדֶעט דִי אִידִישֶׁע נַאצְיָאנַאל־בַּאנְק און דִי סְטַאטוּטֶען אָדֶער הוֹיפְּט־גֶעזֶעצֶע פַאר דִי צִיוֹנִיסְטִישֶׁע פֶערְאֵיינֶען.

דֶער דְרִיטֶער צִיוֹנִיסְטִישֶׁער קָאנְגְרֶעס אִיז וִוידֶער אָפְּגֶעהַאלְטֶען גֶע־וָוארֶען אִין בַּאזֶעל אִין אוֹיגוּסְט 1899.

דֶער פִיערְטֶער צִיוֹנִיסְטֶען־קָאנְגְרֶעס אִיז אָפְּגֶעהַאלְטֶען גֶעוָוארֶען אִין לָאנְדָאן אִין אוֹיגוּסְט 1900. דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶער אוּנְוִוִיכְטִיגְסְטֶער, פְּרוּכְט־לָאזֶעסְטֶער פוּן אַלֶע צִיוֹנִיסְטִישֶׁע קָאנְגְרֶעסֶען. טְהֶעאָדָאר הֶערְצְל הָאט עֶס גוּט גֶעמֵיינְט, עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט, אַז דִי עֶנְגְלִישֶׁע לָארְדְס און בֶּעזָאנְ־דֶערְס דִי פְּרָאמִינֶענְטֶע עֶנְגְלִישֶׁע אִידֶען וֶועלֶען זִיךְ פֶערְאִינְטֶערֶעסִירֶען אִין דֶער צִיוֹנִיסְטִישֶׁער בֶּעוֶועגוּנְג, עֶס הָאט זִיךְ אָבֶּער אוֹיסְגֶעלָאזֶען גַאנְץ אַנְ־דֶערְשׁ, קַיין אֵיינְצִיגֶער פוּן דִי עֶנְגְלִישֶׁע מִינִיסְטָארֶען און לָארְדְס אִיז נִיט גֶעקוּמֶען זֶעהְן דֶעם קָאנְגְרֶעסס.

דֶער עֶנְגְלִישֶׁער רָאטְהְשִׁילְד הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט נִיט וִויסֶענְדִיג פוּן דֶעם קָאנְגְרֶעס און זָאנַאר דֶער הוֹיפְּט־רַאבִּינֶער פוּן עֶנְגְלַאנְד, דר. אַדְלֶער, הָאט נִיט גֶעוָואלְט וִויסֶען פוּן דֶעם צִיוֹנִיסְטֶען־קָאנְגְרֶעס, עֶר אִיז גָאר אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען פוּן לָאנְדָאן אִין דֶער צַייט פוּן דֶעם קָאנְגְרֶעס.

דֶער פִיערְטֶער צִיוֹנִיסְטֶען־קָאנְגְרֶעס אִין לָאנְדָאן אִיז מִיאוּס דוּרְכְ־גֶעפַאלֶען.

דֶער פִינְפְטֶער צִיוֹנִיסְטֶען־קָאנְגְרֶעס אִיז דַארוּם וִויעדֶער אָפְּגֶעהַאלְ־טֶען גֶעוָוארֶען אִין בַּאזֶעל אִין 1901. אוֹיף דִיעזֶען קָאנְגְרֶעס הָאט מֶען גֶעגְרִינְדֶעט דֶעם אִידִישֶׁען נַאצְיָאנַאל־פָאנְד, וֶועלְכֶען מֶען זָאל גֶעבְּרוֹיכֶען נוּר אִין גֶעווִיסֶע צוּפֶעלֶע און צוּ גֶעווִיסֶע צְוֶועקֶען.

אִין 1904 אִיז טְהֶעאָדָאר הֶערְצְל גֶעשְׁטָארְבֶּען. לֵיידֶער, צוּ יוּנְג און צוּ פְרִיה פַאר דֶעם צִיוֹנִיזְמוּס, פַאר דִי פֶערְווִירְקְלִיכוּנְג פוּן זַיין גְרוֹיסֶער אִידֶעע, דֶער צִיוֹנִיזְמוּס אִיז צְוַואר מִיט אִיהם נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען, אָבֶּער עֶר אִיז פְלַאכֶער גֶעוָוארֶען. עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶען זִיךְ צוּ שְׁפַּאלְטֶען אוֹיף

מיינונגען, שטרעבונגען, ריכטונגען און פארטייען: ארטהאדאקסישע ציוניס־טען, טעריטאריאליסטען, סאציאליסטע־ציוניסטען, טעריטאריאליכטען־סאצי־אליסטען, נאציאנאליסטען־ציוניסטען און אנדערע ציוניסטען.

איינס אבער האט דאך דער ציוניזמוס אויפגעטהאן, ער האט זעהר פיעל בייגעטראגען צו דער קאלאניזאציאן פון אידען אין פאלעסטינא און צו דער ענטוויקלונג פון אגריקולטור און אינדוסטריע אין פאלעסטינא. עס האט אויך אויפגעוועקט דאס נאציאנאלע געפיהל פון דעם אידישען פאלק אין אלע לענדער וואו זיי וואהנען.

---

## 13. אידען אין אמעריקא.

ווען אידען האבען אנגעהויבען אויסצוואנדערן נאך אמעריקא, איז שווער צו זאגען מיט בעשטימטהייט. עס איז אבער א זאנדערבארער פאקט, אז דעם 2טען אויגוסט 1492 האט די שפאנישע רעגירונג ארויס־געטריבען די אידען פון שפאניען און דעם 3טען אויגוסט אדער א טאג שפעטער איז קריסטאפער קאלומבוס אוועקגעפאהרען פון שפאניען און צוויי מאנאטען שפעטער האט ער ענטדעקט אמעריקא, וועלכעס איז שפע־טער געווארען דאס לאנד דער פרייהייט.

דעם 2טען אויגוסט 1492 האבען 300,000 אידען פערלאזען שפאניען, עס זיינען אבער געבליעבען אין שפאניען און אין פארטוגאל מעהר אלס 100,000 אידען, וועלכע האבען אנגענומען דעם. קריסטליכען גלויבען נור לפנים, פאר דער וועלט, אין זייער הארצען זיינען זיי געבליעבען אידען און שטילערהייט פלעגען זיי אפהיטען אלע אידישע דינים, מנהגים און געזעצע. דיעזע אידען האבען געהייסען מאראנאס, אנוסים, געצוואונגענע אנצונעהמען דעם קריסטליכען גלויבען אום צו בלייבען אין זייער גע־בורטסלאנד.

דיעזע מאראנאס אדער אנוסים פלעגען שטענדיג זוכען א געלע־גענהייט אויסצוואנדערן אדער צו אנטלויפען פון דעם ווילד־פאנאטישען שפאניען. מען בעהויפטעט, אז אייניגע פון דיעזע מאראנאס האבען בע־גלייטעט קריסטאפער קאלומבוס אויף זיין ערשטער רייזע און האבען איהם געהאלפען ענטדעקען אמעריקא. א געוויסער לואיס דע טארעס,

װעלכער איז מיטגעפאָהרען מיט קריסטאָפער קאָלומבוס אויף זיין ערשטער רייזע, האָט מעהר ניט געוואָלט צוריקפאָהרען נאָך שפּאַניען. ער האָט זיך בעזעצט אויף דער אינזעל קובא, וואו ער האָט געקענט לעבען אַלס איד און ער איז דאָרט געבליעבען ביז זיין טויט.

בראַזיליען איז ענטדעקט געוואָרען אין 1499 פון אַ שפּאַנישען שיפּסקאַפּיטאַן פינסאָן און אַ יאָהר שפּעטער, אין 1500, פון אַ פּאָרטוגעזישען שיפּסקאַפּיטאַן פּעדראָ אַלוואַרעס דע קאַבראַל. אויף זיין שיף האָט זיך געפונען אַ טיכטיגער מאַטראָז, גאַספּאַר, אַ מאַראַנאַ, וועלכער האָט בעסער פערשטאַנען ווי צו פיהרען אַ שיף פון זיין שיפּסקאַפּיטאַן. גאַספּאַר איז צוריקגעקומען נאָך פּאָרטוגאַל און האָט דערצעהלט זיינע אידישע ברידער וואָס פאַר אַ שעהנעס, פרוכטבאַרעס לאַנד בראַזיליען איז. די מאַראַנאָס האָבען אָנגעהויבען אויסצוואַנדערן נאָך בראַזיליען אָנפאַנגס האָבען אויסגעוואַנדערט נור איינצעלנע פאַמיליען, וועלכע האָבען געוויס גענוג געקעמפּפט און גענוג געליטען אין אַ וועניג בעקאַנטען, גאַנץ ווילדען לאַנד. דער איד איז אָבער געדולדיג. ער האָט איבערגעטראָגען און איבערגעלעבט אַלערליי שוועריגקייטען אום צו בלייבען ביי זיין גאָט, ביי זיין גלויבען און טראַדיציאָנען. זיי האָבען אויסגעפּאַרשט דאָס לאַנד און זיי האָבען אָנגעהויבען עס צו בעאַרבייטען און צושיקען אין זייער אַלטער היימאַטה פּראָדוקטען און אַלערליי פריכטע, פון וועלכען מען האָט אין אייראָפּאַ קיין אידעע געהאַט.

באַלד האָבען אָנגעהויבען אויסצוואַנדערן גרעסערע גרופּען מאַראַנאָס נאָך בראַזיליען. זיי פּלעגען אָפּדינגען שיפען און אויסוואַנדערן אויף זייערע אייגענע האָבען מיטגענומען געטריידע און אַנדערע פריכטע, וועלכע וואַקסען אין פּאָרטוגאַל, אין שפּאַניען און אויף די אינזלען אַרום, האָבען זיי געבראַכט נאָך בראַזיליען און דאָרט זיי פערזעעט. אין 1548 האָבען פּאָרטוגעזישע מאַראַנאָס געבראַכט דעם צוקער־ראָהר פון דער אינזעל מאַדעיראַ און האָבען איהם געלאָזט פּלאַנצען אין בראַזיליען. די אויסוואַנדערונג איז געוואָרען אַזוי שטאַרק, אַז אין 1557 האָט די פּאָרטוגעזישע רעגיערונג אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, אַז מאַראַנאָס טאָרען ניט אַרויספאָהרען פון פּאָרטוגאַל. די מאַראַנאָס אָדער אַנוסים האָבען געמוזט זיך אַרויסגנבע'ענען פון פּאָרטוגאַל, ווען זיי האָבען געוואָלט אויסוואַנדערן און זיי פּלעגען זיך אַרויסגנבע'ענען. די פּאָרטוגעזישע רעגיערונג האָט דאַן

אַרויסְגֶעגֶעבֶּען אַ צְווייטֶען בֶּעפֶעהל, אַז מַאראַנָאס טָארֶען זִיךְ נִיט בֶּעזֶעצֶען אִין דִי פָּארְטוּגֶעזִישֶׁע קָאלָאנְיֶען אִין אַמֶעריקַא. דִי רֶעגִירוּנְג פוּן שְׁפַּאנְיֶען הָאט עֶס נָאכְגֶעטְהָאן. מֶען הָאט אַלְזָא גֶערֶעכֶענְט, אַז דֶערְמִיט וֶועט מֶען שׁוֹין צוּרִיקְהַאלְטֶען דִי מַאראַנָאס, עֶס הָאט זִיךְ אָבֶער שְׁפֶּעטֶער אַרויסְגֶעווִיעזֶען, אַז דִי פָּארְטוּגֶעזִישֶׁע אוּן שְׁפַּאנִישֶׁע קָאלָאנְיֶען וֶוערְן פֶערְנַאכְלֶעסִיגְט אוּן פֶערְאָרִימְט אָהְן דִי מַאראַנָאס. דִי קָאלָאנִיסְטֶען וִוילֶען נִיט בֶּעאַרְבַּייטֶען דִי עֶרְד אוּן הָאבֶען קַיין בֶּעגְרִיעף פוּן הַאנְדֶעל אוּן אִינְדוּסְטְרִיֶע.

אִין 1611 הָאט דִי רֶעגִירוּנְג פוּן פָּארְטוּגַאל גֶענוּמֶען בַּיי דִי פָּארְטוּגֶעזִישֶׁע אוּן שְׁפַּאנִישֶׁע מַאראַנָאס 700,000 קְרוּסַאדַאס, אוּנְגֶעפֶעהר 714,000 דָאלַאר, פַאר דִי עֶרְלוֹיבְנִיס אויסְצוּוואַנְדֶערְן נָאךְ אַמֶעריקַא. דִי מַאראַנָאס הָאבֶען בֶּעצָאהלְט דִיעזֶע אוּנְגֶעהויעֶר גְרויסֶע סוּמֶע גֶעלְד פַאר יֶענֶע צַייט אוּן הָאבֶען אָנְגֶעהויבֶּען אויסְצוּוואַנְדֶערְן אִין גְרויסֶע מַאסֶען. קוֹים פְלֶעגֶען זַיי קוּמֶען אִין אַמֶעריקַא, פְלֶעגֶען זַיי אַרָאפְּוַוארְפֶען פוּן זִיךְ דִי פֶערְהַאסְטֶע מַאסְקֶע פוּן קְרִיסְטֶענְטְהוּם אוּן וֶוערְן אִידֶען. אִין 1624 הָאט זִיךְ אִין דֶער שְׁטָאדְט בַּאהִיַא, בְּרַאזִילְיֶען, גֶעבִּילְדֶעט אַ אִידִישֶׁע קְהִלָה פוּן דִי מַאראַנָאס אוּן דִי קְהִלָה הָאט אויסְגֶעבּויט אַ שׁוּהל אוּן הָאט בֶּעצוֹיגֶען סִפְרֵי־תּוֹרוֹת אוּן אַנְדֶערֶע אִידִישֶׁע סְפָרִים פוּן הָאלְלַאנְד. דָאס גְלִיק הָאט זַיי צוּגֶעשְׁפִּיעלְט, דִי הָאלְלֶענְדִישֶׁע רֶעגִירוּנְג הָאט דַאמָאלְס עֶרְקְלֶעהְרְט קְרִיעג פָּארְטוּגַאל אוּן הָאט אָפְּגֶענוּמֶען בְּרַאזִילְיֶען.

אִין הָאלְלַאנְד הָאט שְׁטְרֶענְג גֶעהֶערְשְׁט רֶעלִיגְיָאנְס־פְרַייהַייט אוּן דִי מַאראַנָאס הָאבֶען בֶּענוּצְט יֶעדֶע גֶעלֶעגֶענְהַייט אַוֶועקְצוּפָאהרֶען פוּן שְׁפַּאנְיֶען אוּן פוּן פָּארְטוּגַאל, זִיךְ צוּ בֶּעזֶעצֶען אִין הָאלְלַאנְד, אַרָאפְּצוּוַוארְפֶען פוּן זִיךְ דִי פֶערְדַאמְטֶע מַאסְקֶע פוּן קְרִיסְטֶענְטְהוּם, וֶוערְן אִידֶען אוּן לֶעבֶּען נָאךְ זֵייעֶרֶע אַלְטֶע טְרַאדִיצְיָאנֶען. עֶס זַיינֶען פוּן זַיי אַרויסְגֶעקוּמֶען דִי גְרֶעסְטֶע אִידִישֶׁע גֶעלֶערְנְטֶע פוּן דֶעם 16טֶען אוּן 17טֶען יָאהְרְהוּנְדֶערְט.

לֵיידֶער, אִיז הָאלְלַאנְד צוּ קְלֵיין גֶעוֶועֶן פַאר אַזוֹי פִיעל אִידִישֶׁע אַיינְוַואנְדֶערֶער. ווִי לִיבֶּעראַל אוּן ווִי פְרַיי דִי הָאלְלֶענְדִישֶׁע רֶעגִירוּנְג אִיז גֶעוֶועֶן, הָאט זִי דָאךְ גֶעקוּקְט קְרוּם אוֹיף דִי צוּ גְרויסֶע צָאהל פוּן אִידֶען, וֶועלְכֶע פְלֶעגֶען קוּמֶען יֶעדֶען טָאג. זִי הָאט גֶעמוּזְט בֶּעשְׁרֶענְקֶען דִי רֶעכְטֶע פוּן אִידֶען, ווִי צוּם בַּיישְׁפִּיעל: נִיט עֶרְלוֹיבֶּען אִידֶען זִיךְ עֶרְווֶערְבֶּען לַאנְד אוּן הַייזֶער אִין דִי שְׁטֶעדְט, נִיט עֶרְלוֹיבֶּען אִידֶען זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען

מיט איינינע האנדווערקע און מיט איינינע צווייגען פון האנדעל. די אידען אליין האבען עס אויך פערשטאנען, אז האללאנד איז פאר זיי צו ענג, צו קליין, און זיי האבען זיך דערפרעהט, ווען האללאנד האט אפגענומען איינינע אינזלען און לענדער אין אמעריקא.

אין 1642 זיינען 600 אידען מיט זייער אנפיהרער הרב יצחק אבוהב דע פאנסעקא אוועקגעפאהרען נאך אמעריקא און האבען זיך בעזעצט אין דער שטאדט רעסיף, די הויפטשטאדט פון דער פראווינץ פערנאמבוקא אין בראזיליען. זיי האבען געבילדעט א אידישע קהלה און רבי יצחק אבוהב דע פאנסעקא איז דער ערשטער אידישער רב אין אמעריקא. אויסער דער שטאדט רעסיף האבען זיך אידען בעזעצט אין באהיא, פאראהיבא און ריא דע זשאנאר. אין 1654 האבען זיך געפונען אין בראזיליען מעהר אלס 5.000 אידען.

דער בעוואוסטער געלעהרטער און הייסער אידישער פאטריאט רבי מנשה בן ישראל האט געוואלט אויסוואנדערן נאך בראזיליען, אבער זיינע גוטע פריינד און דער קריסטליכער געלעהרטער גראציוס האבען איהם ניט געלאזען אוועקפאהרען. זיי האבען איהם געבעטען, ער זאל בעסער פאהרען נאך ענגלאנד און בעטען אליווער קראמוועל, ער זאל ערלויבען אידען זיך בעזעצען אין ענגלאנד.

דער ערשטער אידישער געלעהרטער אין אמעריקא איז געוועזען יעקב דע וועלאסינא. ער איז געבארען געווארען אין פערנאמבוקא אין 1657 און איז געוועזען א דאקטאר, א פילאזאף און א בעריהמטער שריפט-שטעללער.

ליידער, האט די גליקליכע צייט פאר אידען אין זיד אמעריקא געדויערט ניט לאנג. האללאנד האט געשלאסען פריעדען מיט פארטוגאל און האט איהר צוריקגעגעבען בראזיליען. עס זיינען אראפגעקומען קאטוילישע גייסטליכע און מענכע פון פארטוגאל און האבען איינגעפיהרט די אינקוויזיציאן אין בראזיליען און אין אלע לענדער וועלכע האבען דאמאלס געהערט צו שפאניען. אין 1571 האט מען פערברענט פינף אידען אויפ'ן שייטערהויפען אין דער שטאדט מעקסיקא. אידען האבען ווידער געמוזט אויסוואנדערן, איינינע האבען זיך בעזעצט אויף דער אינזעל קוראסאא און אויף אנדערע קליינע אינזלען, וועלכע האבען געהערט צו האללאנד. איינינע האבען זיך בעזעצט אויף דער אינזעל יאמאייקא און

אויף באַרבאַדאָס וועלכע האָבען געהערט צו ענגלאַנד און איינינע זיינען געפאָהרען ווייטער און זיינען אָנגעקומען אין ניי אַמסטערדאַם, דאָס היינטיגע ניו יאָרק.

אין די שפּאַניש־אַמעריקאַנישע לענדער האָבען אידען בעקומען רעליגיאָנס־פרייהייט און בירגער־רעכטע ערשט אין דעם 19טען יאָהרהונדערט, עס איז דארום אויך קיין וואונדער, וואָס ביז אויף היינטיגען טאָג געפינען זיך ניט פיעל אידען אין די רעפובליקען פון זיד אַמעריקא. די איינציגע רעפובליק, וואו עס געפינט זיך יעצט אַ גרעסערע צאָהל אידען און די אידישע געמיינדען וואַקסען, איז אַרגענטינאַ וואו אידען פון רוסלאַנד און רומעניען האָבען אָנגעהויבען זיך צו בעזעצען ערשט גאָר ניט לאַנג, אַם ענדע פון דעם 19טען יאָהרהונדערט.

אידען האָבען געקענט לעבען רוהיג, געדייהען און וואַקסען נור אין לענדער, וואו די ענגלישע שפּראַכע הערשט און וואו זיי האָבען פאָלשטענדיגע רעליגיאָנס־פרייהייט. אין נאָרד אַמעריקא, בעזאָנדערס אין די שטאַאטען ביים אַטלאַנטישען וועלט־מעער, וואוהין עס זיינען געקומען פיעלע מענשען נור אום צו קענען דיענען גאָט, ווי זיי ווילען, האָבען אויך די אידען געקענט געפינען רוהע און זיכערהייט. די גרעסטע און בליהענדסטע אידישע קאָלאָניען געפינען זיך דארום אין נאָרד אַמעריקא, אין זיד אַפריקא, אין אויסטראַליען און אין די לענדער וועלכע געהערן צו ענגלאַנד אָדער וואו די ענגלישע שפּראַכע איז די הערשענדע.

אין די פעראייניגטע שטאַאטען געפינט זיך יעצט די גרעסטע צאָהל אידען און דארום איז אויך זייער געשיכטע די אינטערעסאַנטעסטע און די אַם מייסטען בעלעהרענדע.

אָנפאַנגס סעפּטעמבער 1654 זיינען אָנגעקומען אין ניי אַמסטערדאַם (היינט ניו יאָרק) עלף אידישע פאַמיליען, וועלכע זיינען בעשטאַנען פון 27 נפשות, מענער, פרויען און קינדער. זיי זיינען אַנטלאָפען פון באַהיאַ, בראַזיליען, וואו די פאַנאַטישע פּאָרטוגעזישע מענכע האָבען איינגעפיהרט די אינקוויזיציאָן. ניי אַמסטערדאַם האָט דאַמאָלס געהערט צו האָללאַנד, וואו עס האָט געהערשט רעליגיאָנס־פרייהייט.

מען האָט זיי צוואַר אַריינגעלאָזען אין ניי אַמסטערדאַם, אָבער דער האָללענדישער גובערנאַטאָר האָט אַזוי פיינד געהאַט אַ אידען, אַז ער האָט געשריבען צו דער רעגיערונג אין האָללאַנד, אַז עס וואָלט

גְלַייךְ גֶעוֶוען, אַז מֶען זָאל מֶעהר קַיין אִידֶען נִיט אַרַיינְלָאזֶען. מֶען הָאט אִיהם אָבֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז אִין הָאלְלַאנְד אוּן אִין דִי לֶענְדֶער, וֶועלְכֶע גֶעהֶערְן צוּ הָאלְלַאנְד מַאכְט מֶען קַיין אוּנְטֶערְשִׁיעד צְוִוישֶׁען אִידֶען אוּן נִיט אִידֶען. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט דֶער הָאלְלֶענְדִישֶׁער גוּבֶּערְנַאטָאר פוּן נַיי אַמְסְטֶערְדַאם אוּן דִי לֶענְדֶער אַרוּם גֶעטְהָאן אַלֶעס, וָואס עֶר הָאט גֶעקֶענְט אוּם צוּ בֶּעלֵיידִיגֶען אוּן צוּ דְרִיקֶען דִי עֶרְשְׁטֶע אִידִישֶׁע אַיינְוַואנְדֶערֶער. עֶר הָאט זֵיי אַזוֹי פֶערְבִּיטֶערְט דָאס לֶעבֶּען, אַז אֵיינִיגֶע זַיינֶען אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען פוּן נַיי אַמְסְטֶערְדַאם אוּן הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט, בֶּעזָאנְדֶערְס אִין נִיוּ פָּארְט, וֶועלְכֶע גֶעהֶערְט הַיינְט צוּ דֶעם שְׁטַאאַט רָהאוּד אַיילַאנְד.

דִי הֶערְשַׁאפְט פוּן דִי הָאלְלֶענְדֶער אִיבֶּער דִיעזֶע גֶעגֶענְדֶען הָאט גֶעדוֹיעֶרְט נִיט לַאנְג. צֶעהְן יָאהר שְׁפֶּעטֶער נָאךְ דִי עֶרְשְׁטֶע אַיינְוַואנְדֶערוּנְג פוּן עֶלְף אִידִישֶׁע פַאמִילְיֶען אוּן צְוַואר אִין 1664, הָאט שׁוֹין עֶנְגְלַאנְד אָפְּגֶענוּמֶען דִיעזֶע לֶענְדֶער אוּן פוּן נַיי אַמְסְטֶערְדַאם אִיז גֶעוָוארֶען נִיוּ יָארְק. דִי אִידֶען הָאבֶּען אוֹיפְגֶעאַטְהֶעמְט פְרַייעֶר, מֶען הָאט זֵיי עֶרְלוֹיבְּט צוּ וָואהנֶען אִיבֶּעראַל אוּן צוּ הַאנְדְלֶען מִיט וָואס זֵיי ווִילֶען.

שׁוֹין אִין דִי עֶרְשְׁטֶע פְּאאָר יָאהר נָאךְ זֵייעֶר אַיינְוַואנְדֶערוּנְג אִין נַיי אַמְסְטֶערְדַאם הָאבֶּען אֵיינִיגֶע אִידֶען זִיךְ אַרוֹיפְגֶעאַרְבַּייטֶעט אוּן הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט מִיט זֵייעֶרֶע פֶעאִיגְקֵייטֶען צוּ עֶנְטְווִיקְלֶען דֶעם הַאנְדֶעל פוּן דֶעם לַאנְד, אָבֶּער עֶרְשְׁט זַייט עֶנְגְלַאנְד הָאט אָפְּגֶענוּמֶען דִיעזֶע לֶענְדֶער, הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁפִּיעלֶען אַ ווִיכְטִיגֶע רָאלֶע אִין דִי עֶנְגְלִישֶׁע קָאלָאנְיֶען. אִין 1664 הָאט אַ אִיד מִיטְ'ן נָאמֶען הֵיינְרִיךְ בְּרַאזֶער, וֶועלְכֶער הָאט גֶעהַאט דְרַיי זִיהן: אַבְרָהָם, יִצְחָק אוּן יַעֲקֹב, שׁוֹין גֶעהַאט הַייזֶער אִין דִי גֶעשֶׁעפְטְס־גַאסֶען פוּן נִיוּ יָארְק. אִין 1665 הָאט אַ אִידִישֶׁע פְרוֹי מִרְיָם יַעֲקֹב'ס אָדֶער אוֹיף עֶנְגְלִישׁ מֶערִי דְזֵשֵׁייקָאבְּס גֶעקוֹיפְט אַ הוֹיז פַאר 1,000 דָאלְלַאר. אִין יֶענֶער צַייט אִיז דָאס גֶעוֶוען פִיעל גֶעלְד.

אִין 1700 הָאט דֶער עֶנְגְלִישֶׁער גוּבֶּערְנַאטָאר פוּן נִיוּ יָארְק גֶעשְׁרִיעבֶּען דֶער עֶנְגְלִישֶׁער רֶעגִירוּנְג אִין לָאנְדָאן, אַז גֶעלְד אִיז גֶעוָוארֶען זֶעהר טְהַייעֶר. מֶען פָארְדֶערְט פַאר מְזוּמָן גֶעלְד זֶעהר הוֹיכֶע פְּרָאצֶענְטֶען אוּן וֶוען דְרַיי אִידֶען וָואלְטֶען אִיהם נִיט אוֹיסְגֶעבָּארְגְט דָאס נֶעטְהִיגֶע גֶעלְד, וָואלְט עֶר נִיט גֶעהַאט מִיט וָואס צוּ בֶּעצָאהלֶען דִי סָאלְדַאטֶען אוּן עֶר וָואלְט זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין אַ זֶעהר שְׁלֶעכְטֶע לַאגֶע. עֶר בֶּעט דַארוּם דִי

רעגיערונג, זי זאל איהם שיקען מזומן געלד פאר זיינע סאלדאטען און פאר די רעגיערונגס־בעאמטע אין פאראויס.

אין דיעזע 46 יאהר, פון 1654 ביז 1700, זיינען אבער צוגעקומען פיעלע אידען פון האללאנד און פון ענגלאנד און האבען זיך בעזעצט אין די ענגלישע קאלאניען פון נארד אמעריקא. א גרעסערע איינוואנדערונג פון אידען אין די פעראייניגטע שטאאטען האט זיך אנגעפאנגען ערשט אין דעם צווייטען פיערטעל פון דעם 18טען יאהרהונדערט. אין 1433 האבען עטליכע אידישע פאמיליען זיך בעזעצט אין סאוואנאה, אין דעם איצטיגען שטאאט דזשארדזשיא. אין 1758 האבען אידען זיך בעזעצט אין דעם שטאאט פענסילווייניא און אין דעם שטאאט אהיא. עס האבען אנגעהויבען צו קומען אידען פון דייטשלאנד און פון אנדערע לענדער אין איירופא.

אמעריקא איז אבער דאמאלס געוועזען נאך אזוי ווייניג בעקאנט אין איירופא, אז עס זיינען געקומען ניט פיעל אידען. אין 1800, ווען מען האט געמאכט די צווייטע פאלקס־צעהלונג אין די פעראייניגטע שטאאטען האבען זיך געפונען אין דיעזע לענדער אונגעפעהר נור 3,000 אידען. די אידען פון רוסלאנד און פוילען האבען נור געוואוסט, אז עס איז ערגעץ גאנץ ווייט דא א לאנד אמעריקא. קיינער האט ניט געוואלט ריזיקירען צו מאכען א לאנגע רייזע אויפ'ן מעער און צו קומען אין א לאנד, וואו זיי האבען ניט פערשטאנען די שפראכע און מען איז ניט געווען בעקאנט מיט די זיטען און געברויכע. דער איד פון רוסלאנד און פוילען האט אויך מורא געהאט אויסצוואנדערן נאך אמעריקא, ווייל ער וועט דארט ניט קענען אפהיטען אידישקייט, ער וועט מוזען לעבען צווישען ניט אידען.

נאך דער רעוואלוציאן אין דייטשלאנד אין 1848 האבען פיעלע דייטשע אידען, וועלכע זיינען געווען פערמישט אין דער רעוואלוציאן און זיי האבען מורא געהאט פאר שטרענגע שטראפען, אנגעהויבען צו אנטלויפען נאך אמעריקא און זיי האבען געגרינדעט אידישע געמיינדען אין פיעלע שטעדט. נאך דעם פוילישען מיאטעזש אין 1862 האבען איינינע אידען, וועלכע זיינען געווען פערמישט אין מיאטעזש, געמוזט אנטלויפען נאך אמעריקא.

ביי דעם אלעמען און טראץ דעם אלעמען האבען זיך נאך אין

1880 געפונען אין אַלע פֶערְאֵייניגְטֶע שְׁטַאאַטֶען נור אונגֶעפֶעהר 400,000 אִידֶען. פון דיעזֶער צָאהל הָאבֶען 125,000 גֶעוָואהנְט אִין נְיוּ יָארְק.

דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטְרָאם פון דֶער אִידִישֶׁער אַיינְוַואנְדֶערונְג נָאךְ אַמֶע־רִיקָא הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶען אִין 1882, נָאךְ דֶעם טוֹידְט פון קֵייזֶער אַלֶעקְ־סַאנְדֶער דֶעם צְווייטֶען הָאבֶען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶען אִין רוּסְלַאנְד דִי פָּאגְרָאמֶען און שְׁרֶעקְלִיכֶע פֶערְפָאלְגוּנְגֶען אוֹיף אִידֶען. דִי פָּאגְרָאמֶען אִין בַּאלְטַא, יֶעלִיסַאוֶועטְגְרַאד, אָדֶעסַא און אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט, דִי שְׁטְרֶענְגֶע מַאי־גֶעזֶעצֶע וֶועלְכֶע גְרַאף אִיגְנַאטְיֶעוו הָאט גֶעמַאכְט פַאר אִידֶען אִין 1882, הָאבֶען בּוּכְשְׁטֶעבְּלִיךְ גֶעצְווּאוּנְגֶען דִי אִידֶען פון רוּסְלַאנְד אוֹיסְצוּוואַנְדֶערְן. מֶען הָאט זֵיי גֶעטְרִיעבֶען פון רוּסְלַאנְד און מֶען טְרַייבְּט זֵיי נָאךְ הַיינְט.

אוֹיךְ אִין רוּמֶעניֶען הָאבֶען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶען אוּנְטֶערְדְרִיקוּנְגֶען און פֶערְ־פָאלְגוּנְגֶען אוֹיף אִידֶען און דִי רוּמֶענִישֶׁע אִידֶען הָאבֶען גֶעמוּזְט אוֹיסְוַואנְ־דֶערְן אִין דָאס לַאנְד דֶער פְרַייהַייט, אִין אַמֶערִיקָא.

דִי סְטַאטִיסְטִיק פון דֶער אַמֶערִיקַאנִישֶׁער רֶעגִירוּנְג וַוייזְט אוֹיף, אַז פון 1881 בִּיז 1886 הָאבֶען אַיינְגֶעוַואנְדֶערְט אִין אַמֶערִיקָא 114,000 רוּסִישֶׁע און רוּמֶענִישֶׁע אִידֶען. עֶס זַיינֶען גֶעקוּמֶען אִידֶען מִיט פַאמִילְיֶען, עֶס זַיי־נֶען גֶעקוּמֶען אִידֶען אָהן פַאמִילְיֶען, עֶס זַיינֶען גֶעקוּמֶען יוּנְגֶע לַייט און מֶענְשֶׁען פון מִיטֶעלֶע יָאהרֶען. צוּר עֶהרֶע און צוּם שְׁטָאלְץ פון דֶעם יוּ־דֶענְטְהוּם מוּז מֶען זָאגֶען, אַז דִי דַייטְשֶׁע און פָּאלְנִישֶׁע אִידֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶען זִיךְ פְרִיהֶער בֶּעזֶעצְט אִין אַמֶערִיקַא און הָאבֶען זִיךְ אַרוֹיפְגֶעאַרְ־בֵּייטֶעט, הָאבֶען אוֹיפְגֶענוּמֶען זֵייעֶרֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע בְּרִידֶער פון רוּסְלַאנְד און רוּמֶעניֶען מִיט אָפֶענֶע אַרֶעמְס און הָאבֶען גֶעטְהָאן אַלֶעס, וָואס זֵיי הָאבֶען גֶעקֶענְט צוּ הֶעלְפֶען און צוּ שְׁטִיצֶען דִי אִימִיגְרַאנְטֶען. אוֹיךְ דָאס אַמֶערִיקַאנִישֶׁע פָאלְק הָאט מִיטְלֵייד גֶעהַאט מִיט דִי אוּנְגְלִיקְלִיכֶע אִידֶען פון רוּסְלַאנְד און רוּמֶעניֶען.

דֶער גֶעלֶערְנְטֶער און שְׁרִיפְטְשְׁטֶעלֶער מִיכָאֵל הַאלְפֶערִין, וֶועלְכֶער אִיז אַלֵיין אַנְטְלָאפֶען פון אוּנְגַארְן נָאךְ דֶער רֶעוָואלוּצְיָאן פון 1848, הָאט בֶּעזָאנְדֶערְס זֶעהר פִיעל גֶעטְהָאן פַאר זַיינֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע בְּרִידֶער. אָנְפַאנְגְס הָאט מֶען גֶעוָואלְט זֵיי קָאלָאנִיזִירֶען, זֵיי בֶּעזֶעצֶען אוֹיף רֶעגִירוּנְגְס־לַאנְד אִין אָרֶעגַאן און אַנְדֶערֶע וֶועסְט־שְׁטַאאַטֶען.

דִי קָאלָאנְיֶען זַיינֶען אָבֶער נִיט גֶעלוּנְגֶען. דֶער הַאס און דִי פָּארְ־אוּרְטְהֵיילֶע גֶעגֶען אִידֶען אִין אֵייראָפַּא אִין אַ צַייט פון פִיעלֶע יָאהרְהוּנְדֶערְטֶע

האבען דערווייטערט דעם אידען פון לאנד־אַרבייט און האבען איהם געמאכט אונפעהיג צו בעאַרבייטען די ערד. פון רוסלאנד זיינען אויך געקומען פיעלע יונגע לייט, וועלכע האבען גענאסען א העכערע בילדונג און זיי האבען שוין ניט געקענט טהאן די שווערע אַרבייטען, וועלכע אַן אַמעריקאנער פארמער מוז טהאן. די אידישע־אַקערבוי קאלאניען אין אַמעריקא זיינען דארום ניט געלונגען. פיעלע קאלאניסטען האבען זיך אומגעקערט נאך ניו יארק און אַנדערע גרויסע שטעדט.

פאר דעם אידען זיינען געבליעבען אפען דריי וועגען: אַרבייט אדער בעשעפטיגונג מיט האנדווערקע, לערנען און האנדעל. די רוסיש־פוילישע און די רומענישע אידען זיינען אויך געגאנגען אויף דיעזע דריי וועגען און האבען זיך אין יעדער בעציהונג אויסגעצייכענט. עס געפינען זיך יעצט פיעלע אידישע דאקטוירים, אַדוואקאטען, געלערנטע שריפטשטעלער, פארשער פון נאטור וויסענשאפטען, פראפעסארען אין אַלע אוניווערזיטעטען, ריכטער און שטאאטסמענער. בעזאנדערס אויסגעצייכענט האבען זיך די דייטשע, רוסיש־פוילישע און רומענישע אויף דעם ברייטען וועג פון האנדעל און אינדוסטריע. זיי זיינען יעצט די רייכסטע און די פעהיגסטע פאבריקאנטען, בעזאנדערס פון קליידער, און די גרעסטע קויפלייטע.

מען האט געגרינדעט האנדווערקס שולען, וועלכע האבען אַרויסגעגעבען טיכטיגע טעכניקער און מעכאניקער. דער אידישער אַרבייטער אין אַמעריקא איז ציעלבעוואוסט און ער ווייס ווי צו פארדערן זיינע רעכטע אַלס מענש און אַלס בירגער. ער לאזט זיינע קינדער לערנען און ער גיט זיי די בעסטע ערציהונג. די אידישע אַרבייטער ארגאַניזאציאנען אין אַמעריקא האבען אַ גרויסע וויכטיגקייט און בעדייטונג. זיי שפיעלען זאגאר אַ ראלע אין דער אינערער פאליטיק פון דעם לאנד.

אידען אין אַמעריקא האבען פאר זיך אַ גלענצענדע צוקונפט. עס געפינען זיך יעצט אין די פעראייניגטע שטאאטען אונגעפעהר צוויי מיליאן אידען. דאס לאנד איז גרויס און רייך, עס איז נאך דא גענוג פלאץ פאר אַלע אידען פון רוסלאנד, עסטעררייך און רומעניען.

אין דער נייעסטער צייט האבען זיך אידען גענומען אויך צו לאנד אַרבייט און אין פיעלע שטאאטען געפינען זיך יעצט דערפער און שטעדטלעך פון אידישע פארמערס. עס האבען זיך גענומען צו לאנד אַרבייט

אידען, וועלכע זיינען געוועזען געוואהנט דערצו אין רוסלאנד און רומעניען און דארום איז עס אויך דא געלונגען. פיעלע אידישע פארמערס האבען זיך ארויפגעארבייטעט און מען קען ערוואַרטען, אז אין א קורצע צייט וועלען אידען אין אמעריקא שפיעלען א וויכטיגע ראלע אין דער אגרי־קולטור.

## 14. אידען אין אויסטראליען.

אויסטראליען, דער פינפטער וועלט־טהייל, איז אן ענגלישע קא־לאניע. עס געהערט צו ענגלאנד און די הערשענדע שפראכע איז ענגליש. עס איז צוואר א יונגע קאלאניע, אבער די פרייעסטע און ליבעראלסטע קאלאניע. אין אויסטראליען האט מען קיין מאל ניט געוואוסט פון פעל־קער־פיינדשאפט און פון רעליגיאנס־פערשיעדענהייט. אלע מענשען זיינען גלייך, אלע האבען גלייכע רעכטע און גלייכע פפליכטען. אויסטראליען איז אין איינינע בעציהונגען פיעל פרייער פון ענגלאנד און פון די פער־איינינטע שטאאטען.

אויסטראליען איז אלזא דער בעסטער און זיכערסטער ארט פאר אידען, וועלכע מען פערפאלגט און אונטערדריקט אין אנדערע לענדער. אויסטראליען איז אבער וועניג בעקאנט דעם געוועהנליכען אידען פון איירופא, אויסער דעם איז עס אזוי ווייט פון די אידישע צענטרען אין איירופא, אז די רייזע אהין קאסט צו טהייער און דער ארימער איד קען גאר ניט בעשטרייטען די הויכע רייזע קאסטען. נור אין לאנדאן און איינינע אנדערע ענגלישע פארט־שטעדט קען מען בעקומען א שיף וועלכעס געהט דירעקט נאך אויסטראליען און די רייזע געדייערט 5 – 6 וואכען, עס איז דארום קיין וואונדער, וואס עס געפינען זיך אין אויסט־ראליען אזוי וועניג אידען.

נאך די נייעסטע סטאטיסטישע פארשונגען געפינען זיך יעצט אין אויסטראליען 17 – 18 טויזענד אידען. די געשיכטע פון אידען אין אויסט־ראליען איז זעהר דונקעל. דאס ערשטע היסטארישע דאקומענט איבער אידען אין אויסטראליען געפינט זיך אין דער סטאטיסטיק פון דער שטאדט סידני, די הויפטשטאדט פון דער פראווינץ ניו־סאוטה־וועילס. אין 1817

האָבּען זיך געפונען אין סידני 20 אידען, אויב 20 פאמיליען אָדער 20 זעעלען, שטעהט ניט אין דעם דאָקומענט. דאָגעגען שרייבּט דאָס דאָקו־מענט גאַנץ דייטליך, אַז דיעזע 20 אידען זיינען געוועזען ניט גוט בּעקאַנט מיט די לעהרען פון זייערע עלטערן, אָבּער זיי האָבּען שטרענג אָפּגעהיט אַלע אידישע פייערטעג און בּעזאָנדערס דעם שבּת. אין 1820 האָבּען זיי זיך ערוואָרבּען אַ „בּית־החיים". די קריסטליכע געמיינדע האָט זיי גע־שענקט אַ שטיקעל פּלאַץ אויף איהר בּעערדיגונגס־גרונד. זיי האָבּען אָבּער ניט געהאַט קיין שוהל און קיין בּית־תּפילה, נור צוויי מאָל אין יאָהר, ראש השנה און יום כּפּור פּלעגען זיי זיך פערזאַמלען בּיי איינעם פון זיי און פּלעגען האַלטען גאָטעס־דינסט.

אין 1827 — 1828 זיינען אָנגעקומען אין סידני אָנגעזעהענע אידישע קויפלייטע, וועלכע האָבּען געזוכט צו פערבּעסערן די רעליגיעזע און סאָ־ציאַלע לאַגע פון דער אידישער קאָלאָניע. אַ געוויסער פ. כּהן האָט אָפּ־געגעבּען זיין הויז פאַר אַ בּית־תּפילה, וואו מען פלעגט זיך צוזאַמענקומען יעדען שבּת און יעדען יום־טוב און דאַווענען נאָך די אַלטע אידישע מנהגים, אָבּער ערשט אין 1830 האָבּען די אידען פון סידני איינגעלאַדען אַ רב פון אייראָפּאַ. רבּי אַהרון לעווי איז געוועזען אַ דין אין אַ אידישע געמיינדע אין אייראָפּאַ. ער האָט בּאַלד געזעהן, אַז מען זאָל בּעציהען אַ ספר תּורה, בּיז אַהער האָבּען זיי געהאַט נור אַ געדרוקטען חומש און זעהר ווייניג סידורים.

אין 1831 איז געקומען נאָך סידני יעקב מאָנטעפיאָרע, אַ פערוואַנד־טער פון סער מאָזעס מאָנטעפיאָרע, ער האָט שוין געטהאָן אַלעס מעגליכע אום צו גרינדען אַ געמיינדע און צו בּויען אַ עכטע שוהל ווי בּיי די אידען אין אייראָפּאַ. מען האָט אויך בּעצויגען פון ענגלאַנד אַ גע־וויסען רבּי ראָוז, וועלכער איז געוועזען חזן, שוחט און מוהל בּיי דער נייער אידישער געמיינדע.

אַבּיסעל שפּעטער האָבּען אידען אָנגעהויבּען זיך צו אָרגאַניזירען אין דער פּראָווינץ וויקטאָריאַ, בּעזאָנדערס אין די שטעדט מעלבּורן, גיי־לאָנג, בּענדיגאַ און סענטקילדאַ. פיעל שפּעטער אין דער הויפּטשטאָדט פון אויסטראַליען — אַדעלעאיד.

דער טהעטיגסטער מאַן אין דיעזער געמיינדע איז ווידער געוועזען יעקב מאָנטעפיאָרע, וועלכער האָט געגרינדעט בּענק אין אַלע גרויסע

שטעדט פון אויסטראליען. וואהרשיינליך האט סער מאזעס מאנטעפיארע אנטהייל גענומען אין דיעזע בענק און אין די פינאנס־געשעפטען פון אויסטראליען. די מאנטעפיארע־בענק האבען זיך ערווארבען דאס העכסטע צוטרויען ביי אידען און ניט אידען.

די אידישע געמיינדע אין אדעלעאיד איז געוועזען און איז נאך היינט די אמבעסטען איינגעריכטעטע און אמבעסטען פערוואלטעטע. אויסער א רב און א פרעדיגער, א חזן, א שוחט און א מוהל, האט זי אויך געהאט אידישע שוהלען פאר קינדער און אידישע וואלטהעטיגע אנשטאלטען. עס איז וואהר, אז כמעט אלע אידען פון אויסטראליען זיינען גוט אפּ. דאס לאנד איז רייך און עס איז דא גענוג געלעגענהייטען צו פערדיענען און צו מאכען א לעבען, עס קומען אבער דאך פאר פעללע, ווען די געמיינדע מוז העלפען און שטיצען אן אונגליקליכען. בעזאנדערס נויטהווענדיג איז א גוטעס האספּיטאל און דאס האבען זיך פערשאפט די אידען פון אדעלעאיד. זעהר ניצליך און זעהר וואלטהעטיג איז אויך די „דזשואיש בענעפיט ענד מעדיקאל אסאסיאיישאן“, א פעראיין, וועלכער בעזארגט ארימע מענשען מיט מעדיצינישע הילפע אין דער צייט פון א קראנקהייט און מיט קראנקען־בענעפיט. געגרינדעט האט דיעזען פעראיין א אידישער ריכטער, סאלאמאן סאנדערס און אין 1904 האט דיעזער פעראיין געהאט א קאפּיטאל פון 1,000 פונט סטערלינג.

פיעלע אידען פון אדעלעאיד זיינען געוועזען און זיינען נאך היינט ריכטער, אסעמבלימען און פארשטעהער פון האנדעלס־קאמערן און פינאנס־געזעלשאפטען. אידישע פרויען האבען געבילדעט א ליידיעס בענעוואלענט סאסייעטי אדער א פרויען וואלטהעטיגקייטס פעראיין. אידישע יונגע־לייט האבען געגרינדעט א ליטעראטור פעראיין. די אידען אין אויסטראליען זיינען אלזא טהעטיג, געבילדעט און צייכענען זיך אויס אין אלע צווייגען פון קענען, וויסען, וואלטהעטיגקייט און עכט אידישע שטרעבונגען.

א געוויסער וו. ל. סאלאמאן, א געלערנטער איד פון ענגלאנד, האט אויסגעפארשט א גאנץ ווילדע געגענד אין אויסטראליען און האט געוויעזען דעם פארלאמענט פון אויסטראליען, אז מען קען דארט גרינדען קאלאניען פון אימיגראנטען, ווייל דאס לאנד איז זעהר פרוכטבאר. א געוויסער מ. וו. לאזארוס פון בענדיגא, בעקאנט אין אויסטראליען אונטער דעם נאמען בענדיגא לאזארוס, האט ענטוויקעלט די אויסגראבונג פון

ערד־קוילען, „קאול־מיינינג“ אין דער פּראָווינץ וויקטאָריאַ. ער איז אַליין רייך געוואָרען און האָט ברייך געמאַכט די פּראָווינץ מיט זיינע ערד־קויי־לען. אַנאַנדערע איד מ. דייוויס האָט בעשאַפען דעם האָלץ־האַנדעל פון דער פּראָווינץ וויקטאָריאַ. עס איז פאַר איהם קיינעם ניט איינגעפאַלען, אַז פיעלע סאָרטען האָלץ פון דיעזער פּראָווינץ קענען ווערן אַ געגענ־שטאַנד פון האַנדעל אין איירָאפּאַ, ווייל זיי זיינען גוט אַלס בוי־האָלץ פאַר געביידען און שיפען און אַלס מעבעל־האָלץ. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געשיקט אַ לאַדונג פון אויסטראַלישעס האָלץ נאָך לאָנדאָן און מען האָט עס דאָרט צוכאַפּט. מ. דייוויס איז געוואָרען דער רייכסטער האָלץ־הענדלער אין גאַנץ אויסטראַליען.

אַ איד מיט'ן נאָמען באַרנעט לעווי האָט געגרינדעט דאָס ערשטע ענגלישע טהעאַטער אין אויסטראַליען. ער האָט בעצויגען אַקטיאָרען פון ענגלאַנד און האָט אויפגעפיהרט ענגלישע דראַמען און קאָמעדיען אין אַלע גרויסע שטעדט פון אויסטראַליען.

אין גאַנץ אויסטראַליען מיט די אינזעלען אַרום געפינען זיך עפּעס מעהר אַלס 5 מילליאָן איינוואָהנער, פון זיי זיינען עפּעס מעהר אַלס 20,000 אידען.

אידען אין אויסטראַליען האָבען אַ גלענצענדע צוקונפט. דאָס לאַנד איז נאָך נייע, ניט שטאַרק ענטוויקעלט און עס איז נאָך דאָ פּלאַץ פאַר פיעלע מילליאָנען מענשען, וועלכע קענען דאָרט לעבען רוהיג און גליקליך.

---

## 15. אידען אין זיד־אַפריקאַ.

ווען אידען האָבען זיך בעזעצט צוערשט אין זיד־אַפריקאַ, איז שווער צו זאָגען גאַנץ גענוי. דער ענגלישער רייזענדער און פאָרשער מאַוטש האָט אין 1871 אויסגעפונען אין מאַשאָנאַ־לאַנד די רואינען פון אַ גרויסער שטאָדט און פון אַלטע, פערנאַכלעסיגטע און פערוואָרלאָזטע גאָלד־גרובען. נאָך זיין מיינונג זיינען דאָס די רואינען פון דעם לאַנד אופיר, וואוהין שלמה המלך און חירם מלך צור פלעגען שיקען שיפען מיט מענשען צו גראָבען אָדער צו קויפען גאָלד און טהייערע שטיינער.

דער ענגלישער שריפטשטעלער רידער האגגארד האט דערפון געמאכט א ראמאן „קינג סאלאמאנס מיינס“, די גאלד־גרובען פון שלמה המלך.

דאס זיינען אבער פערמוטהונגען און פאנטאזיען. וואהרשיינליך איז עס אבער, אז ווען די האללענדער האבען אפגענומען קאפלאנד אין 1652 און האבען דארט געגרינדעט די ערשטע האללענדישע קאלאניע, זיינען איינינע פון די שפאניש־פארטוגעזישע אידען, וועלכע האבען געוואהנט אין האללאנד, געקומען מיט די האללענדישע שיפען אום צו זעהן, אויב מען קען זיך דארט בעזעצען און אויב מען קען דארט האנדלען מיט די פראדוקטען פון דעם לאנד. דאס לאנד איז אבער דאמאלס געווען זעהר ארים, ווילד און קיינער האט נאך ניט געטרוימט פון די אונגעהויערע רייכטהימער פון דיעזען לאנד. די האללענדישע קאלאניסטען האבען אויך ניט געוואלט ליידען אין זייער לאנד אידען און קאטאליקען. מיר געפינען, אז ערשט אין 1804 האט דער האללענדישער גובערנאטאר פון דער קאפ־קאלאניע ערקלערט פאלשטענדיגע רעליגיאנס־פרייהייט פאר אלע איינוואהנער. די האללענדישע רעגיערונג האט אבער נאכדעם שוין ניט לאנג געדויערט. שוין אין 1806 האבען די ענגלענדער אפגענומען קאפלאנד און האבען א נאמען געגעבען די הויפטשטאדט קייפטאון.

ערשט אונטער דער ענגלישער רעגיערונג איז איינגעפיהרט געווארען פאלשטענדיגע רעליגיאנס־פרייהייט און ענגלישע און האללענדישע אידען האבען אנגעהויבען צו קומען נאך זיד־אפריקא. די נעמען פון די ערשטע אידען, וועלכע זיינען געקומען אין זיד־אפריקא אין 1820 אדער 1821 זיינען געוועזען בנימין נארדען און שמעון מארקוס. מיר געפינען אבער אויך לעבען זייערע נעמען אויך די נעמען פון דריי ברידער, יוליוס, אדאלף און דזשיימס מאזענטהאל פון דייטשלאנד אדער עסטערייך. זייער אינגערער ברודער איז געוועזען דער בעריהמטער דראמאטיקער און דיכטער סאלאמאן הערמאן מאזענטהאל. די מאזענטהאלס האבען ענטוויקעלט דעם האנדעל און די אינדוסטריע פון דער יונגער קאלאניע. איינער פון זיי איז געפאהרען נאך אזיען און האט געבראכט 30 אנגארא־ציעגען, וועלכע האבען אזא לאנגע און אזא ווייכע וואל, אז מען מאכט פון איהר מאהער, א שטאף, וועלכער איז ווייך און גלאנצט ווי זייד. זיד־אפריקא גיט יעצט ארויס מעהר אלס די העלפט מאהער, וועלכע ווערט פאבריצירט אין דער גאנצער וועלט.

צווײַ האָללענדישע אידען, אַהרן און דאַניאל דע־פּאַס, זײַנען געווען די ערשטע צו האַלטען שטרויסען אויף זייערע פֿאַרמס אום צו בעקומען פֿון זיי די טהײַערע שטרויספֿעדערן. זיי זײַנען אויך געווען די ערשטע, וועלכע האָבען געלאָזען בויען שיפֿען אין קייפּטאון און האָבען געפֿיהרט אַ גרויסען האַנדעל מיט די פּראָדוקטען פֿון דער קאַפּ־קאָלאָניע.

אַם אינטערעסאַנטעסטען איז די געשיכטע פֿון אַ אידען נתנאל אייזיקס. ער איז געקומען נאָך זיד־אַפֿריקאַ אין 1825 אוּו ער האָט אָנגעהויבען אויסצופֿאָרשען יענע לענדער, בעזאָנדערס דאָס לאַנד נאַטאַל אין אָסט זיד־אַפֿריקאַ. אין יענער צײַט האָט געהערשט איבער די זולו־פֿעלקער אַ זעהר קריעגערישער קעניג מיט דעם נאָמען טשאַקאַ. מען רופֿט איהם דער שוואַרצער נאַפּאָלעאָן פֿון זיד־אַפֿריקאַ און ער איז אויך געווען אַ סאָרט נאַפּאָלעאָן. די ענגלענדער האָבען מורא געהאַט פֿאַר איהם און האָבען בעסער געשלאָסען מיט איהם פֿריעדען. מיר ווייסען יעצט ניט גענוי, ווי אַזוי נתנאל אייזיקס איז בעקאַנט געוואָרען מיט דיעזען שוואַרצען נאַפּאָלעאָן און וואָס ער האָט געטהאָן פֿאַר איהם, מיר האָבען אָבער אַ דאָקומענט פֿון דיעזען קעניג פֿון דעם 17טען סעפּטעמבער 1828, אין וועלכען ער שענקט דעם אידען נתנאל אייזיקס אַ שטרעקע לאַנד פֿון 100 מייל די לענג און די ברייט לעבען דער בוכטע פֿון דע־לאַגאָאַ, איהם, זײַנע קינדער און זײַנע קינדעס־קינדער. ער שענקט איהם דאָס לאַנד מיט אַלע אײַנוואוהנער, מיט אַלעס, וואָס געפֿינט זיך אויף דעם לאַנד און אין דעם לאַנד. קעניג טשאַקאַ האָט דאַמאָלס געהאַט דאָס רעכט עס צו טהאָן. שפּעטער אָבער, ווען ענגלאַנד האָט אָפּגענומען יענע לענדער, האָט זי ניט געוואָלט אַנערקענען קעניג טשאַקאַ'ס געשענק.

עס האָבען זיך אין יענער צײַט געפֿונען אין זיד־אַפֿריקאַ װעניג אידען, אָבער יעדער האָט פֿיעל אויפֿגעטהאָן פֿאַר די ענטוויקלונג פֿון האַנדעל, אינדוסטריע און צור בעפֿרײַערונג פֿון דעם לאַנד. אָבער ניט נור אויף דעם פֿעלד פֿון האַנדעל אין אינדוסטריע האָבען זיי זיך אויסגעצייכענט, זיי האָבען אויך זיך אויסגעצייכענט אַלס קריעגער, אַלס יוריסטען און אַלס דיפּלאָמאַטען. אין 1846 האָט ענגלאַנד געפֿיהרט קריעג מיט די זולוס. קאַפּיטאַן יהושע נאָרדאָן האָט געפֿיהרט אַ רעגימענט סאָלדאַטען געגען די זולוס. אַ פֿערניפּטעטע פּייל פֿון אַ זולוס־קריעגער האָט איהם געטראָפֿען און געטוידטעט. אַ צווייטער אידישער אָפֿיציער אליהו

דֶע־פַּאס הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט אִין דֶעם קְרִיעג גֶעגֶען דִי זוּלוּס אִין 1849. יוּלְיוּס מָאזֶענְטְהַאל אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מִיטְגְלִיעד פוּן דֶעם פַּארְלַאמֶענְט אִין זִיד־אַפְרִיקַא אִין 1852. שִׁמְעוֹן דְזֶשֵׁייקָאבְּס אִיז גֶעוֶועזֶען רִיכְטֶער פוּן דֶעם הֶעכְסְטֶען גֶערִיכְט פוּן דֶער קָאפּ־קָאלָאנְיֶע בִּיז 1871. שָׁאוּל סָאלָא־מָאנְס אִיז בִּיז אוֹיף הַיינְטִיגֶען טָאג בֶּעקַאנְט אִין דֶער גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דֶער קָאפּ־קָאלָאנְיֶע אַלְס דֶער בִּנְיָמִין דִיזְרַאעֶלִי פוּן זִיד־אַפְרִיקַא. עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער גְרֶעסְטֶער דִיפְּלָאמַאט אִין זִיד־אַפְרִיקַא.

דִי עֶרְשְׁטֶע אִידִישֶׁע גֶעמֵיינְדֶע אִין קֵייפְּטַאוּן אָדֶער קַאפּשְׁטַאדְט אִיז גֶעגְרִינְדֶעט גֶעוָוארֶען אִין 1841. זֵיי הָאבֶּען נָאךְ קֵיין שוּהל גֶעהַאט אוּן זֵיי פְּלֶעגֶען דַאוְונֶען שַׁבָּת אוּן יוֹם־טוֹב בַּיי בִּנְיָמִין נָארְדֶען אִין שְׁטוּבּ. עֶרְשְׁט אִין 1859 הָאבֶּען זֵיי אוֹיסְגֶעבּוֹיט אַ שוּהל אוּן הָאבֶּען בֶּעצוֹיגֶען אַ רַב מִיטְ'ן נָאמֶען יוֹאֵל רַאבִּינָאוִויטְש, וַואהְרְשֵׁיינְלִיךְ פוּן רוּסְלַאנְד אָדֶער עֶסְטֶערְרַייךְ. יֶעצְט גֶעפִינֶען זִיךְ אִין קֵייפְּטַאוּן דְרַיי גְרוֹיסֶע אוּן שֶׁעהנֶע אִידִישֶׁע שוּהלֶען: דֶער בֵּית־הַמִדְרָשׁ, גֶעגְרִינְדֶעט פוּן רוּסִישׁ־פּוֹילִישֶׁע אִידֶען. דִי נַיי־הֶעבְּרֶעאִישֶׁע אָדֶער נְיוּ הִיבְּרוּ סִינַאגָאג, גֶעגְרִינְדֶעט פוּן דַייטְשֶׁע אוּן עֶנְגְלִישֶׁע אִידֶען, אוּן דִי וַויינְבּוּרְג־סִינַאגָאג, גֶעגְרִינְדֶעט פוּן הָאלֶלֶענְדִישֶׁע אִידֶען.

אִין דִי גֶעוֶועזֶענֶע רֶעפּוּבְּלִיקֶען טְרַאנְסְוַואַאל אוּן אַרַאנְיֶע הָאבֶּען זִיךְ בִּיז 1883 גֶעפוּנֶען זֶעהר וֶועניג אִידֶען, מֵייסְטֶענְס הָאלֶלֶענְדֶער. אַ גֶעוִויסֶער מֹשֶׁה דֶע־וְורִיס אִיז גֶעוֶועזֶען פְרִיעדֶענְס־רִיכְטֶער אוּן מִיטְגְלִיעד פוּן פָאלְקְס־רָאַד (פַּארְלַאמֶענְט) אִין 1870. אַ צְוֵויטֶער אִיד דָנִיאֵל פ. קִישׁ אִיז גֶע־וֶוען פְרִיעדֶענְס־רִיכְטֶער אוּן פִינַאנְס־מִינִיסְטֶער פוּן 1877 בִּיז 1881. עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ פֶּערְזֶענְלִיכֶער פְרַיינְד פוּן דֶעם לֶעצְטֶען פְּרֶעזִידֶענְט פוּן טְרַאנְסְ־וַואַל, פַּאוּל קְרִיגֶער. עֶרְשְׁט אִין 1883 הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּקוּמֶען נָאךְ טְרַאנְסְוַואַאל אִידֶען פוּן רוּסְלַאנְד, פוּן עֶסְטֶערְרַייךְ אוּן פוּן רוּמֶענְיֶען.

שְׁמוּאֵל מַארְקְס, גֶעבָּארֶען אִין נֵיישְׁטַאדְט־שִׁינִינְר, רוּסְלַאנְד, אִיז גֶע־קוּמֶען אִין טְרַאנְסְוַואַאל אִין 1884 אוּן אִיז אִין אַ קוּרְצֶער צַייט גֶעוָוארֶען אַ מִילְיָאנֶער פוּן דְיַאמַאנְטֶען־גְרוּבֶּען, פוּן קוּפֶּער־מִינֶען אוּן פוּן אַלֶערְלֵיי פַאבְּרִיקֶען, וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוֹיסְגֶעבּוֹיט אִין קִימְבֶּערְלִי, בְּלַאמְפַאנְטֶען אוּן אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט. דֶער בֶּעוואוּסְטֶער מִילְיָאנֶער בַּארְנַאטַא בַּארְנָאי אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען אִין יֶענֶער צַייט. אַ אוּנְגַארִישֶׁער אִיד אַלַאוּס נֶעלְמַאפּ־יוּס אִיז גֶעוָוארֶען אַ פֶּערְזֶענְלִיכֶער פְרַיינְד פוּן דֶעם גֶעוֶועזֶענֶעם פְּרֶעזִידֶענְט

פּאול קרינגער און זיין ראטהגעבער. ער איז אויך געווען דער פריינד פון לארד ראבערטס, לארד קיטשנער און לארד מילנער, און ער האט זעהר פיעל בייגעטראגען צו ענדיגען דעם בורען־קריעג אין 1902.

מען רעכענט געוועהנליך, אז אידען אין די געוועזענע רעפובליקען טראנסוואאל און אראנזש האבען געהאט אלע בירגער־רעכטע, דאס איז אבער ניט וואהר. זיי האבען געהאט נור פריוויליגען, אבער קיינע רעכטע. א איד האט ניט געקענט געוועהלט ווערן אלס פרעזידענט און אלס העכסטער בעאמטער. אידישע שולען פלעגען ניט אונטערשטיצט ווערן פון דער רעגיערונג. אידישע קינדער האבען צוואר געמעגט געהן אין די רעגיערונגס־שולען, אבער זיי פלעגען מוזען מיטמאכען אלע קריסטליכע צערעמאניען, און דאס האבען די אידישע עלטערן ניט געוואלט. דער פרעמדער איד, דער אימיגראנט, האט געהייסען „אוטלאנדער“, אויסלענדער, א פרעמדער, און ביז ער איז געווארען בירגער פון דער רעפובליק האט ער גאר קיינע רעכטע געהאט.

אין 1898 האט די אידישע געמיינדע פון פרעטאריא, די הויפט־שטאדט פון טראנסוואאל, אויסגעבויט א גרויסע, שעהנע שוהל. צו דער איינווייהונג האבען זיי איינגעלאדען פרעזידענט פּאול קרינגער. ער איז געקומען, האט געהאלטען א רעדע און האט איינגעווייהעט די אידישע שוהל אין נאמען פון יעזוס קריסטוס. אידען האבען זיך געפיהלט בע־ליידיגט.

אזוי ווי עס האבען זיך שוין געפונען פיעלע אידען אין טראנס־וואאל, האבען זיי איינגעלאדען אלס פרעדיגער און ראבינער דעם גע־לערנטען דאקטאר הערץ, א שילער פון דער אידישער האכשוהלע אין סינסינעטי, אמעריקא. דאקטאר הערץ איז געווען געוואוינט מיט דער אמעריקאנער פרייהייט און גלייכהייט. ער האט ניט געקענט פערטראגען דעם נאמען „אוטלאנדער“, אויסלענדער. די רוסיש־פוילישע און דייטשע אידען, וועלכע זיינען געקומען ניט לאנג נאך טראנסוואאל, האבען אנ־געהויבען צו בעטען פרעזידענט קרינגער און זיינע מיניסטארען, ער זאל געבען די אידען גלייכע בירגער־רעכטע.

דען 28טען יוני 1899 האבען די רוסיש־פוילישע און רומענישע אידען בערופען א מאסענפערזאמלונג צו דעם צוועק, מען זאל פראטעס־טירען געגען די האנדלונג פון דער רעגיערונג און בעטען, אז מען זאל

קיין אונטערשיעד מאכען צווישען די נייע אימיגראנטען און די אלטע־געזעסענע האללענדישע און ענגלישע אידען. דר. הערץ האט געהאלטען א ווארימע רעדע, אין וועלכער ער האט ערקלערט די אונגערעכטיגקייט פון דער רעגירונג. דעם אנדערן טאג האט ער בעקומען א בעפעהל אז אין 48 שטונדען זאל ער ארויספאהרען פון טראנסוואאל. ער האט געמוזט פאהרען נאך קייפטאון, די ענגלישע קאלאניע, וואו מען האט קיין אונטערשיעד געמאכט צווישען אידען און אידען.

צום גליק, האט זיך באלד אנגעהויבען דער בורען־קריעג, וועלכער האט געדויערט צוויי יאהר און ענגלאנד האט ענדליך אפגענומען די רעפובליקען טראנסוואאל און אראניע און האט זיי פעראייניגט אין א גרויסע פראווינץ, א זעלבסטשטענדיגעס לאנד, די קאלאניע פון זיד־אפריקא. פרעזידענט פאול קריגער פון דער רעפובליק טראנסוואאל האט געמוזט אוועקפאהרען אהיים, נאך האללאנד, און פרעזידענט סטיין פון דער רעפובליק אראניע איז געווארען אן איינפאכער בירגער.

ענגלאנד האט שוין איינגעפיהרט בעסערע געזעצע און האט שוין געגעבען די רוסיש־פויליש־רומענישע אידען מעהר רעכטע. אין דעם בורען־קריעג האבען געדיענט אין דער ענגלישער ארמעע 2,800 אידען, פון זיי זיינען געפאלען אויף דעם שלאכטפעלד 125. אין דער ארמעע פון די בורען, אונטער די גענעראלען באטא, קראניע, דע־וועט און לערי האבען געדיענט 2,600 אידען. איינינע פון זיי האבען געקעמפפט ביז צו דער לעצטער מינוט און ווען ענגלאנד האט בעזיעגט די בורען און האט אוועקגעשיקט די קריעגס־געפאנגענע אויף די אינזלען פון וועסט־אינדיען, האבען זיך געפונען צווישען זיי 365 אידען.

אונטער דער ענגלישער רעגירונג איז די לאגע פון אידען פיעל פערבעסערט געווארען, אבער דער האס און די פעראכטונג געגען די רוסיש־פויליש־רומענישע אידען איז אזוי שטארק איינגעווארצעלט געווארען דורך די פריהערדיגע רעפובליקאנישע רעגירונגען, אז די אידען פון זיד־אפריקא האבען געמוזט זיך פעראייניגען, גרינדען א „באארד אף דזשואיש דעפוטיס", וועלכער האט געהאט צום צוועק: ערשטענס, צו פערשאפען פאר אלע אידען אהנע, אויסנאהמע, גלייכע רעכטע. צווייטענס, אויסצואווירקען אין פארלאמענט, אז אידיש זאל אנערקענט ווערן אלס שפראכע. דריטענס, מען זאל גרינדען שולען פאר די אידישע אימיג־

ראַנטען פון רוסלאַנד, גאַליציען און רומעניען, וואו זיי זאָלען לערנען ענגליש און בעקאנט ווערן מיט די זיטען, געברויכע און געזעצע פון דעם לאנד, מיט אַנדערע ווערטער, מען זאל זיי אַנגליקאניזירען.

די לאַגע פון אידען אין דער ענגלישער קאלאָניע זיד־אַפריקא אָדער סאוטה אַפריקא, ווי עס הייסט אויף ענגליש, ווערט פון יעדען טאג בעסער. מען מאכט צוואר נאך שוועריגקייטען פאר דעם אימיגראנט, אָבער מען לאָזט איהם דאך אַריין און ווען ער איז אין לאַנד, איז שוין ניט שווער צו ווערן אַן ענגלישער בירגער.

צווישען די דירעקטאָרען פון דער „דע־בעערס דייאָמאנד מיינס", וועלכע גיט אַרויס דריי פירטעל פון אַלע דיאַמאַנטען, וועלכע ווערן פערקויפט אין דער גאַנצער וועלט, געפינען זיך פיעלע אידען. דער רוסישער איד שמואל מארקס איז איינער פון די רייכסטע מענער אין דער וועלט און ער טהוט זעהר פיעל פאר זיינע ברידער.

וויפיעל אידען עס געפינען זיך יעצט אין דער ענגלישער קאלאניע זיד־אַפריקא, ווייס מען ניט גענוי און מען קען עס אויך ניט וויסען. עס זיינען דא פיעלע געגענדען, וואו עס וואהנען אידען, וועלכע האבען ביז אַהער נאך ניט געקענט גרינדען אַ געמיינדע. דאס לאנד איז גרויס, ווענינג בעפעלקערט, פון איין פאָרם צו דער אַנדערער איז זעהר ווייט, גרויסע שטעדט זיינען נאך ווענינג דא און מען קען ניט וויסען, וויפיעל אידען עס געפינען זיך אין געריקא־לאנד, אין מאשאָנא־לאנד, אין נאמאַראַ־לאנד אָדער אין מעטאבעלע־לאנד.

פון די אידען, וועלכע זיינען מעהר אָדער ווענינער בעקאנט, ווייס מען, אַז אין די גרויסע שטעדט געפינען זיך מעהר אַלס 50.000 אידען.

זיד־אַפריקא האט אַ גרויסע צוקונפט פאר אידען. עס וועט מיט דער צייט ווערן דאס פרייע אַמעריקא. עס האט נאך פלאַץ פאר פיעלע מיליאָנען אידען און אויך פאר דאס גאַנצע אידישע פאָלק.

# רעגיסטער.

## פֶערְצֵייכְנִים פון אַללֶע נָאהמֶען װֶעלְכֶע קוֹמֶען פָאר אִין דֶעם פִיעְרְטֶען בַּאנְד.

